אי. קיפּניס

# כאַדאָשים און טעג

א כראָניק

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג
„קולטור-ליגע”
קיעוו — 1926



# אַ ווינקל פון יאָר 1919

## I

די וועלט-ליטעראַטור ווייסט פון פיל אַזעלכע פאַלן:

די נאַציע איינגאַנצן האָט שוין לאַנג געלעבט מיט אַ מאָדערנעם לעבן, און ערגעץ אַ פאַרוואָרפענע פּראָווינץ האָט נאָך געלעבט אין איר פאַרצייטישער פאַרכאָלעמטקייט, אַ פאַרגעסענע.

און פּלוצים איז געקומען פונדאָרט אַ שרייבער, וואָס האָט דערציילט, ווי זיין פאַרשלאָפענע היים האָט זיך אַ צעטומלטע אויפגעכאַפּט פון אַ פייף פון אַ ווייטן צוג און באַטלט כאַלוימעס אַף דעם ניט-געבעטענעם גאַסט, וואָס האָט דעם היימישן, ליבן, דווירעס-דיקן דרימל צעשטערט.

די גרויסע ליטעראַטור פון אָט דער נאַציע האָט שוין דאַן געווייטיקט מיט די רייפסטע פאָרם-דערגרייכונגען, נאָר אָט דער דיכטער פון דער פאַרצייטישער פּראָווינץ האָט געזוכט אַ פּרימיטיוו, וואָס זאָל אַזוי פאַרצייטיש זיין, ווי זיין פאַרצייטישע היים.

און איז עס פאַר דעם קינסטלער געווען אַ געצוואונגענער אָפּרייסן זיך פון דעם מאָדערנעם שאַפן און אַ זוכעניש פון אַן אַלטן, פאַר אים שוין פרעמדן מאַלבוש, קעדיי זיך אין אים פאָרשטעלן, איז דער דיכטער דאַן געקומען בלויז צו געמעלאָכעטער סטיליזאַציע.

איז עס אָבער געווען פאַר אים זיין אָרגאַנישער שאַפונג-וועג, האָט ער דאַן געגעבן אַ קינסטלערישן פּרימיטיוו.

אַזוי איז געווען דער פאַל מיט דעם פראַנצויזישן שרייבער אַלפאָנס דאָדע.

פראַנקרייך האָט שוין איבערגעלעבט דריי רעוואָלוציעס, זי האט שוין געהאַלטן ערעוו דער קאָמונע. אין ליטעראַטור איז שוין געווען נאָך באָדלערן, ס'האָט שוין געהערשט וועראַלען. און דאַן איז אומדערוואַרט געקומען אַלפאָנס דאָדע מיט זיינע „בריוו פון מיין מיל" — אַ עלעגיע אין פּראָזע וועגן דעם הערלעכן גלויבן פון אַלטן פּראָוואַנסאַלער מילנער, אַז די דאַמפמילן מוזן באָטל ווערן, און מ'וועט זיך מוזן אומקערן צוריק צו אים און צו זיינע ווינט-מילן.

און דאָדעס בריוו זיינען דערום געוואָרן אַ צירונג-בלעטל אין דער געשיכטע פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, ווייל זיי האָבן פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ דיכטערישע פּאַשטעס, ווי טמימעסדיק ס'איז געווען דער לעבנס-באַנעם פון אָט דעם מילנער.

אַזאַ דערשיינונג אין אונדזער ליטעראַטור איז איציק קיפּניסעס כראָניק:

„כאַדאָשים און טעג".

ס'איז 1918, 1919. איבערן גאַנצן לאַנד ברענט אַ העליש פייער פון בירגערקריג. נאָר אין סלאָוועשנע איז פרייטיק—פרייטיק. „די קוימענעס פון די נידעריקע הייזלעך באַשמעקן די געסלעך מיט ווייצנס, מיט וואַרעמען קיצלדיקן רייעך פון קיכלעך מיט צימרינג באַשאָטן און פון פאַרטיקע געפּרעגלטע קאַשניקעס צום אָנבייסן... און דורכן קליינעם קיךפענצטערל זעט מען, ווי ס'הייצט זיך. די באָד".

מ׳ווייסט דאָ, אַז ערגעץ איז אַ רעוואָלוציע פאָרגעקומען.

„ווער ווייסט עס ניט, אַז אין רוסלאַנד איז שוין אַ יאָר נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע.

„אוואדע ווייסן מיר! מ׳פּילט עפּעס „יעשועס אף אידן״, אָבער דערוויי״ל ווייסט נאָך אונדזער שטעטל פון גאָרניט״.

וועגן וועלט-מילכאָמע, גרויסער רוסישער רעוואָלוציע האָט סלאָוועשנע אַזעלכע בעערעך פאַרשטעלונגען, ווי קאַבצאַנסק געהאַט וועגן מאַנטעפיאָרע מיט ניקאָלאַי דעם ערשטן. וועגן דעם, אַז „ס׳הערט זיך יעשועס אף אידן״, ווייסט מען פון „די פעטריקאָווער סאָכרים, יאַטן מיט גאָלדענע זייגערס״, וואָס קומען אַהער, אין דעם האַרבארני-שטעטל, „קויפן גרויסע הורטן סכוירע״,—ווי וועגן דעם, אַז „ס׳הערט זיך, כאַסטוועשאָלעם, שלעכטס אף אידן״, ווייסט מען פון מאַרקען, „דעם ציגיינער, דעם קאַבצאַניוק״, וואָס „קאָן טרינקען און קאָן דערציילן אַסאַך ליגונים״.

איז אָבער גרויסע רוסישע רעוואָלוציע ניט מאַנטעפּיאָרע, און ניט אַפילע „דרייפוס אין קאַסרילעווקע״, וואָס מ׳קען אָפּקומען מיט אַרומכקירען זיי. אירע כוואַליעס גיבן אַמאָל אַ פּאַטש און פאוטרינקען אויך סלאָוועשנע. שניידט זיך אריין אין דעם רואיקן פרייטיק באַטאָג, ווען איבער גאַנץ סלאָוועשנע שמעקן „קיכלעך מיט צימרינג״, דער „גאַנצער אידישער אוורוטש״, וואָס האָט באוויזן זיך ראַטעווען פון אַטאַמאַן קאָזיר-זירקאָס כאַלעף.

ווען אָט די ערשטע כוואַליע רינט אָפּ, דרימלט ווייטער סלאָוועשנע. ס׳איז „מיר גוט ווי דער וועלט. אינדרויסן איז שוואוּעס. אומעטום באַקן זיך בלינצעס, יעדער קוימען לאָזט אַ רויך פון בלינצעס״.

ווען אַ צווייטע כוואַליע פון בירגערקריג וועט אַהער אַ קלאַפּ טון, סאָקאָלאָווסקיס באַנדע וועט זיך דערנענטערן, וועט מען אין סלאָוועשנע באָטלדיק דאָס אוועקמאַכן מיט דער האַנט:

„סלאָוועשנע האָט, אַלעוואַי אף ווייטער, פון אַזעלכע צאָרעס ניט געוואוסט...״

נאָר די כוואַליע האָט זיך אַהער דעריסן: געלאָזט אָפּן סלאָוועשנער „הייליקן אָרט—קדוישים״, זי איז אָפּגעשלאָגן געוואָרן מיט אַ רויטאַרמייאישער כוואַליע, וואָס האָט „אָפּגענומען אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ: אַנערעך 60 אַנקעגן 160.״ און דערנאָך האָט מען שוין ווייטער געלעבט דאָס רואיקע סלאָוועשנער לעבן, דער דוירעסדיקער שאָלעם-באַיס מיט דער „גאָישער גאַס״ האָט זיך צוריק איינגעשטעלט, ניט מער די „גאָים האָבן אַמאָל באַדויערט,—וואָס די צעשאָסענע „גאָים זיינען געוועזן אזעלכע געזונטע, איינס אין איינס, און די אידן, וואָס מ׳האָט זיי געהאַרגעט, זיינען דאָך ניט געווען אַלע קיין בעריעס. נאָר וואוניט-וואו האָבן זיך דורכגעוואָרפן געזונטע באָכורים״.

דער סאָציאַלער באוואוסטזיין פון דעם אידישן פאָלק אין 1919 י. האָט זיך כאַראַקטערי-זירט מיטן באוואוסטזיין פון קיעוו און מינסק, אָדער אַפילע פון פּראָסקוראָוו און סלוצק, און ניט מיט דעם באַוואוסטזיין פון סלאָוועשנע.

נאָר גופע סלאָוועשנע האָט אין 1919 י. פאַרמאָגט דעם סאָציאַלן באוואוסטזיין פון קאַסרילעווקע אין דרייפוסעס צייטן. יענע קאַסרילעווקע איז געווען אַ קלאַל. סלאָוועשנע—אַ פּראַט. יענע קאַסרילעווקע האָט דערום געמוזט געגעבן ווערן, ווי אַ באַגריף; סלאָוועשנע פון 1919—בלויז ווי אַ פאַקט.

האָט די קינסטלערישע פאַרקערפּערונג פון סלאָוועשנער באַגעגעניש מיט דעם בירגערקריג גיט געקאָנט און ניט געטאָרט דיכטעריש פאַראַלגעמיינערט ווערן: זי האָט געמוזט געגעבן ווערן בלויז ווי אַ כראָניק.

סלאָוועשנע קאָן ניט ווערן קיין טיפּיזירנדיקער באַגריף, מוז בלייבן אַ כראָניק-פאַקט. נאָר אַ פאַקט איז דאָך, אַז סלאָוועשנע האָט ביז איר באַגעגעניש מיט וועלט-רעוואָלוציע איינגעהיט איר

קאַסרילעווקער באַוואוסטזיין. מוז דער שרייבער פון אָט דער כראָניק, אויב ער וויל קינסטלעריש אָרגאַניש בלייבן, געפינען דעם סאָד פון דער מאיסטערשאַפט פון „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס״, ווי די אידישע ליטעראַטור זאָל שוין אין 1926 י. ניט האָבן ווייט אוועקגעגאַנגען פון יענעם שאָלעם-אליכעם-בוך.

און פאר אי. קיפּניס איז אָט דער סאָד ניט פאַרבאָרגן.

דער שאָלעם-אַלייכעם-סטיל איז אזא הייך פון פאַשטעס, ער איז אזאַ סינטעטישער אויסדרוק פונם וואָרט פון א קלאַל, אַז נאָכפאָלגן אים האָט זיך, ווי באוואוסט, קיינעם ניט איינגעגעבן. יעדער נאָכפאָלגער האָט דאָס שאָלעם-אַלייכעמישע סינטעטישע וואָרט צוריק צעשטויבט אף זיינע ערשטע עלעמענטן. ער האָט דאָס וואָרט ניט באנייט דורך מאיסטערשאַפט, נאָר אָפּגערוקט דורך באַרעדעוודיקייט.

אָט די געפאר איז אויך געווען פאר אי. קיפּניסן. ער האָט אים אָבער בעדערעך-קלאַל—אויסגעמיטן.

און געהאָלפן האָבן אים דאָ צוויי פאַקטן. — איינס, איז דער סטיל דאָ געווען אַ סאַכאַקל ניט פון קיין ליטעראַרישער טראַדיציע. ער איז געווען אַ פאָדערונג פון מאַטעריאַל. פאַרקערט, די לעבעדיקע ליטעראַרישע טראַדיציע, וואָס רינגלט קיפּניסן אין 1926 י. אַרום, האָט אים געצויגן פון שאָלעם-אַלייכעמען. צוויי — און דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן קיפּניסעס אינטואיציע — קיפּניס האָט זיך ניט אוועקגעשטעלט דיכטעריש אין אַ זייט און פון זיין ווינקל גענומען באַווייזן סלאָוועשנער נאַיוויטעט. ער האָט סלאָוועשנער פאָגראָם-כראָניק געמאכט פאר א טייל פון זיין יוגנטלעכער ליבע-כראָניק.

דארף מען באם מאיסטער פון קאַסרילאָווקע זוכן די פאָרם פאר דער סלאָוועשנע-כראָניק, ווענדט זיך קיפּניס ניט צום פעליעטאָנען-זשאַנר פון באַרעדעוודיקן מאָנאָלאָג, וואוהין ס׳לאָזן זיך געוויינטלעך אַלע שאָלעם-אליכעם-נאָכמאַכער, נאָר צום לירישן „בלעטל שיר-האַשירים״.

ער גיט א בלעטל יוגנטלעכע ליבע פון א י י ז י ק און ב ו ז י.

איינס איז דער פרימיטיוו פון דעם סלאָוועשנער רעוואָלוציע-באַוואוסטזיין מיט דעם פרימיטיוו פון אייזיקס און בוזיס ליבע-באוואוסטזיין.

ווי יעדע רעוואָלוציע-כוואַליע איז דאָ בלויז אן איבערייס אין דעם סלאָוועשנער דרימל, אזוי איז זי בלויז אַ צעשטערונג פון אייזיקס און בוזיס ליעבע-כאָלעם. זי שטערט זיי זיצן שאַבעס נאָכן עסן באַ זיי אין „פאָרפאָלקישן אַלקער אף דער ערד, אף דער אויסגעשפרייטער שאַל און זיך מעסטן די נעזער: באַ ווער איז זי אַ „לייגנערע״.

דער סטיל פון בוך איז אזוי אַרום אן אָרגאַנישער סאַכאַקל פון דעם מאַטעריאל, פון דעם צווייענדיקן כראָניק-פרימיטיוו, און קלאל ניט קיין סאַכאקל פון פארשפּעטיקטער שאָלעם-אַלייכעם-נאָכמאכעריי.

דער בוך איז ניט פריי פון צעצויגנקייט. אָבער דאס שטאמט ניט פון קיין באַרעדעוודיקייט אַלפּי שאָלעם-אליכעם. דאָס שטאַמט דערפון, וואָס קיפּניס האט ניט אלעמאָל אַרויסגעוויזן גענוג ווידערשטאנד דער נאַטור פון כראָניק, וואָס ציט אלץ זאָל פארצייכנט ווערן. טרעפן זיך פאקטן, וואָס פאר דער קינסטלערישער גאַנצקייט פון דער כראָניק זיינען זיי שוין ניט אַבסאָלוט נייטיק. אָבער אָט די פאַקטן גופע זיינען געגעבן מיט א געוויסער וואָרט-איינגעהאַלטנקייט.

און ווידער טרעפן זיך פאַקטן, וואָס זיינען אויסער די גרענעצן פון סלאָוועשנער באַוואוסטזיין און מוזן געמאָסטן ווערן מיט אן אַנדער קינסטלערישער מאָס, ווי די מאָס פון אַ כראָניק-פרימיטיוו; אַ שטייגער, די „געזעגעניט״ פון זוראָטשעווער קעהילע-דעלעגאַציע מיטן אַטאמאַן קאָזיר-זירקאָ, צי אפילע די כלאָפּעשנער הארבאַרניקעס פאָרן צום אַטאַמאַן קאָזיר-זירקאָ זיך „שטעלן צום פּריזיוו״.

לייענסט זיי מיט פאַרדרוס, מיט פאַרדרוס, וואָס אָט די בלעטלעך רעוואָלוציע און בירגערקריג האָבן זייער ערשטע קינסטלערישע פאַרצייכענונג אין א פרימיטיוו געפונען.

נאָר דאָס איז א טאַינע צו דער גאַנצער אידישער ליטעראַטור, וואָס האלט, דערעך-אַגעוו, אין פאַרעגטפערן זי, און ניט קיין פאָדערונג צו קיפּניסעס כראָניק.

די אָנגעמערקטע אומשטענדן, וואָס האָבן פאַרורזאַכט די עצעם „כראָניק" : „כאַדאָשים און טעג"—האָבן געפאָדערט, אז אויך אָט די גרויזאַמע צוזאַמענטרעפונגען זאָלן אין דעם בוך אין א פרימיטיוו אויסגעדריקט ווערן.

# II

לעכאַטכילע איז קיפּניסעס בוך א שעפערישער פּויעל-יוצע פון סלאָוועשנער ווירק-לעכקייט. נאָר, אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט, איז ער דאָך שוין א פאַקט פון דער אידישער ליטעראַרישער ווירקלעכקייט אין ראַטנפאַרבאַנד אין 1926 י. דערום איז ניט אויסגעשלאָסן, מ׳זאָל קומען צום בוך סיי מיט ליטעראַרישע, סיי מיט אידעאָלאָגישע טאַינעס.

אָט די ביידערליי טאַינעס וואָלטן אָבער באַטייט ניט דערשאצן די נאַטור פון בוך.

דער ווינקלדיקער פּאַרצייטישער מאַטעריאַל האָט געפאָדערט, דעם שרייבערס אויג זאָל זיין געווענדט אף א „בלעטל שיר-האַשירים", און ניט אף „גאַלאָפּ", פּונקט ווי דאָס, וואָס סלאָוועשנע לעבט מיט פאָרשטעלונגען נעענטערע צו מענדעלעס צייטן, ווי צו 1919, האָט געפאָדערט, אַז דער קעגנזייטיקער קוק פון אידישן און „גאָיעשן" סלאָוועשנע זאָל זיין נעענטער צום טאָן פון שאָלעם-אַלייכעמס „לאַג-בוימער", ווי צו דער שפּראַך פון קאָמינטערן.

דאָ אליין איז אָבער נאָך גיטאָ קיין מוז פאַר אידעאָלאָגישע דורכפאַלן. ווייל ווי היי-מיש-פּאַטריאַרכאַל ס׳איז דער וועלט-באַנעם פון אידישן סלאָוועשנע, אַזוי איז אויך היימיש-פּאַטריאַרכאַל דער באַוואוסטזיין פון ניט-אידישן. אין די פאַרוואָרפענע ווייטע מיילן פון א באַן, אין א טיפן ווינקל פון דער ביקלאַל אָפּגעשטאַנענער פּאָלעסיע זיינען די אוקראַינישע פּויערים אין דער „כראָניק" בלויז דער אָביעקט, און ניט דער סוביעקט פון דער רעוואָלו-ציאָנערער אָדער קאָנטער-רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, פּונקט ווי עס איז בלויז א קאָרבן און ניט קיין קעמפער דער סלאָוועשנער איד.

פאַר קיפּניסן איז עס קלאָר, און ווי ער נוצט אָפט ניט אויס דעם אַלטן קליינשטעטל-דיקן ביטל-אויסדרוק וועגן „גאָי", ווייסט ער אין טאָך ניט פון קיין קאָנפליקטן צווישן „דער אידישער און גאָיעשער גאָס".

סלאָוועשנער אידן לויפן פון שטעטל, וואו מ׳ריכט זיך אף א פּאָגראָם. זיי שעמען זיך פאַר די „פּאַרטיעס גאָיעמלעך", וואָס זיי „באַגעגענען אף די פעלדער" גייען קיין סלאָוועשנע.

— „וואָס וועלן מיר זיי ענטפערן, אויב זיי וועלן אונדז עפּעס אינמיטן-דרינען א פרעג טון ?...

„נאָר זיי פרעגן ניט. זיי גייען זייט-אויס דורך די פעלדער-שטעגעלעך.

„זיי שעמען זיך פאַר עפּעס.

„זיי גייען עפשער דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן אַף אַזאַ שפּיל, און דאָס אויך „ווייל מ׳האָט זיי איינגערעדט דערוף—גייען זיי פאַרשעמטע און גרויע, אַביסל א ר א פּ-ג ע ל אָ ז ע נ ע באַ זיך און מיט ניט קיין אופגעהויבענע קעפּ"...

דעם אידישן און ניט-אידישן סלאָוועשנע איז נאָך גלייך פרעמד דער מאָדערנער קאָ-מינטערן-באַוואוסטזיין. סלאָוועשנער גאָים זיינען אָבער נאָך פּונקט אזוי ווייט פון פּעטלורישן ש אָווינזים, ווי די דאָרטיקע אידן פון ציאָניסטישן.

ניט געקוקט דערויף, וואָס א גאַס האָט א גאַס אומגעקערט „אַ קאָפּ פאר א קאָפּ, אַנערעך 60 קעגן 60", טראָגן די באַציאונגען צווישן ביידע גאסן ביז און נאָך אָט דעם טראַגישן כילעף אַ כאַראַקטער פון יענער באַטירלעכער גוט-שכיינישאַפט, וואָס איז אַלעמאָל געווען טיפיש פאר דער צוזאַמענלעבונג פון ניט-אידישן און אידישן מאַסן-מענטשן, קאָלזמאַן זיי זיינען נאָך ביידע געווען פריי פון אויסערלעכע נאַציאָנאַליסטיש-פּאָליטישע ווירקונגען.

פארענטפערן זיך דערום איצט נאָך דעם כילעף סלאָוועשנער גאָים, וואָס זיי האָבן זיך געלאָזט איינרעדן. און סלאָוועשנער אידן שטימען-צו צו דער פאַרענטפערונג:

„זיי זיינען דאָך גערעכט. זיי זיינען דען שולדיק, וואָס מ'האָט זיי איינגערעדט?"

ווען דער אידישער אָדער אוקראַינישער קינסטלער וועט געבן דעם קינסטלערישן אויסדרוק פון דער קאַטאַסטראָפע אין אוקראַינע אין 1919 י., ווי אויך פון פּראָצעס פון דער נייער צוזאַמענלעבונג פון דער אידישער און אוקראַינישער באַפעלקערונג נאָך אָט דער קאַטאַסטראָפע, וועט ער, ווי מיר האָבן שוין איינמאָל אָנגעוויזן, „ווייט ניט קאָנען זיין אַזוי אידעאָלאָגיש גראַדליניק, ווי דער לאָזונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-ברידערשאַפט" („רויטע וועלט" נומ. 2—1, ז. 128).

ווי, צום ביישפּיל, ד. האָפשטיין האָט ניט געוואָלט אין זיין „Tristia" בלייבן פילאָזאָפיש קלוג, ווי ער האָט ניט געזוכט „פאַרשטיין און פאַרגעבן" דורך זיין

„איך ווייס דאָס אויך:
ביסט דוירעס לאַנג
געווען א מיקלעט-פּלאַץ
פאַר אויסוואורפן
פון גרויסן גרויען לאַנד"...

איז ער דאָך געקומען צו אופוואַרפן אוקראַינע, אז איר

...ברוסט
איז שטענדיק גרייט
די ווילדע הענט צעהוידען,
זיי וואַרפן אויף אַ קאָפּ:
שלאָג!
קלאַפּ!"...

און האָט דיכטעריש דאָס גאַנצע לאַנד צום שאַנד-סלופּ צוגעקלאַפּט:

„אויף אלע — אַלע שטרעקעס דיינע
שאָטנט זיך דיין שאַנד,
אוקראַינע!"

אַזעלכע טענער און פארבן וועלן מוזן זיין, אויב מ'וועט וועלן דיכטעריש ווייזן, ווי בלוטיק דער ווייטיק פון די צוויי פעלקער איז געווען. אנדערש וועט מען בלויז שלעכטע בעלעטריסטישע לייט-אַרטיקלען געבן. און, וואָס נאָך וויכטיקער, אַנדערש וועט מען אויך דיכטעריש ניט געבן די שעפערישקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער אופלעבונג פון די צוויי פעלקער נאָך דער קאַטאַסטראָפע. דער פרימיטיוו פון מאַטעריאַל האָט מיטגעהאָלפן קיפּניסן, אַז פאר אים זיינען גאָר אייגנטלעך ניט געשטאַנען דידאָזיקע אידעאָלאָגישע געפאַרן: ער האָט זיי אויסגעמיטן.

זיין בוך איז דערום נאָך ניט דער כויוו, וואָס די אידישע ליטעראַטור האָט צו דעקן דער אידישער געשיכטע פאַרן 1919 י.

דער בוך וועט אָבער, דורך דעם אומגעהייערן קאָנטראַסט צווישן „אייזיקס און בוזיס" באַוואוסטזיין און דעם גרויזאַם פון זייער ציטערנדיקן אומגיין אפן ראַנד פון אומקום, בלייבן א זעלטענער איידעס פון דער טראַגישקייט פון 1919 י.

**י. נוסינאָוו**

# 1. איך און בוזי

צוויי טויזנט טעג זײַנען אַדורך פון דעמאָלט, — צוויי טויזנט טעג און צוויי טויזנט נעכט.

טעג, ווי מעשענע, אויסגעריבענע טאַצן אַנקעגן דער זון; און נעכט, ווי הירשן צוגעשטילטע אין שאָען פון זעט. — און עפשער פאַרקערט: טעג, ווי שטערנס צעביילטע, צעקלאַפּטע; און נעכט, ווי קויסעס אָליעם, אף טוכן אויסגעקערטע, — אָליעם, וואָס איז פליסיק און גיפטיק, — וואָס באקט און ס׳איז טויט.

אַלנפאלס, זײַנען די ערשטע טויזנט טעג און טויזנט נעכט געוועזן אַזעלכע.

און ביז דעם איז געוועזן א זומער. א זומער מיט צעבליטע טעג, ווי מאָן אום סיוון. איך בין געווען נאַר-וואָס כאסענע געהאט און גע־וואוינט אין אונדזער פּאָרפּאָלקישן צימער. פאַרוואָס דען ניט? מיר זײַנען דאָך אַ פּאָרפאָלק, איך און זי.

אין אונדזער צימער, ווער ס׳גייט אין אים ניט אריין, טוט אים א שלאָג אַנקעגן די לופט פון פריען פריילינג, די לופט די שיקערע, וואָס ווער ס׳הערט זי מיט אן אָפּן האַרץ, מאַכט זי אים שיקער דאָס בלוט ביזן מינדסטן פינגערל...

— וואָס אזוי שפּעט? — פרעגט זי, — היינטיקער טאָג האָט זיך מיר אויסגעצויגן לײַנגער ווי אַלע מאָל.

וואָס זאָל איך איר זאָגן, ווען איך בין אין שטוב שוין?... איך און זי אין אונדזער לופטיקן צימער.

יעדעס פּינטעלע לופט איז דאָך פאַרבונדן מיט אונדז ביידן... יעדעס האַנטעכל רוים האָט ניט צו איר באַזונדער, ניט צו מיר באַזונדער — ס׳האָט צו אונדז ביידן... צו אונדזערע שעמעוודיקע, געוועקסלטע בעטן; צו דער באלעבאָסטעס פאַרהאנגלעך אַף די פענצטער; צו דעם בלויען עמאַלעוון וואַסער-קרוג מיטן גרויסן אויער... מיר זײַנען דאָ אין אַלץ און אַלץ איז דאָ אין אונדז..

מיר פארשטייען אָבער גאָרניט די לעצטע צייט, וואָס מיר זיינען אינײנעם.

צוויי יונגעלייט אין זייער בעסטער בליאונג — און מיר פארשטייען איצט אזוי ווינציק... עס קריכט אונדז גאָרניט אין קאָפּ... ס'פלעג זיך טרעפן: אונטער א יאָנטעוו האָט מיך דער טאַטע, אַ פריילעכער, גע־וואָלט אָנשיקערן. אַלע קינדער האָט ער געוואָלט אָנשיקערן. אונטער א יאָנטעוו, נאָך האלבן טאָג, ווען פלעשער שפּיגלען זיך אַפן טיש, דער טיש איז ווייס און יאָנטעוודיק געדעקט (היינט, אַז איך גיי צום טאַטן אונטער א יאָנטעוו, גיי איך שוין אינצווייען), איז אַז מיין טאַטע פלעג מיך ווען אַף א געלעכטער מאַכן שיקער, פלעגן דענסטמאָל קוקן מיינע אויגן גוט און פריילעך, און אין קאָפּ איז בא מיר געווען ווינ־ציק פריי אָרט אף אַריינעמען נייע זאַכן, און די אויער־פענצטער'לעך פלעג איך פילן, איך פלעג פילן, אַז זיי זיינען בא מיר מיט לופטיקע פאָרהענגלעך פארהאַנגען. מיר פלעג זיך פונדערגרינג דרייען דער קאָפּ...

באַם טאַטן פלעג זיך עס טרעפן אונטער א יאָנטעוו, און בא מיר איז היינט א גאַנצע וואָך יאָנטעוו! קיין וויין קומט צו מיר אין שטוב ניט אַריין. אין קאָפּ אָבער, פיל איך, איז ניטאָ קיין פרייער פלאַץ. פרישע געסט וואַרטן טעגוויים אף אַריינגיין, און איך פאַרגעס מיך גאָר פון זיי. — — — — — — — — — — — — — — —

צוויי יונגעלייט אין בעסטער בליאונג פון זייער יוגנט — און פאַר־שטייען עפּעס די לעצטע צייט אַזוי ווינציק...

ס'ניטאָ וואוהין די נייע געסט אַריינלאָזן. —

— וואָס עפּעס היינט אזוי שפּעט? — זאָגט זי, — היינטיקער טאָג האָט זיך מיר אויסגעצויגן פאַר אַ יאָר.

מיר שטייען האַרט ארומגענומען. יאָ, ווען עמעצער זעט אונדז, וואָלט ער זאָגן:

— „זע נאָר, ווי זיי שטייען דאָס אַרומגענומען".

יאָ!

און איך האָב דאָך היינט געקושט יעדן ברעג פון דעם קאָרעק, מיט וועלכן איך האָב א גאַנצן טאָג געארבעט, און מיר איז געווען ליב יעדער קנייטש פון דער יוכט אונטערן קאָרעק: אָט, א שאָ און אַ שאָ, און איך גיי שוין אהיים! צו אונדז גיי איך! צו מיר מיט מיין בוזין אהיים, איינגאַנצן, שוין ביז אינדערפרי פון מאָרגן.

---

די באַוויירים, מיט וועלכע איך שטיי אין זאַוואָד — איך בין זיכער, זיי האָבן מיך אלע ליב. וואָרום פארוואָס דען ניט? איך בין דאָך גרייט

פאַר יעדערן אָפּטון זיין טאָג-אַרבעט. אַלעמענס טאָג מיט מיינעם איינ׳-נעם געווערן בא מיר א שאָ און נאָך א שאָ. ס׳ווערט באַ מיר גיך, גיך ווערט עס בא מיר, און איך בין שוין פריי, און פייל אויסן בויגן לאָז איך זיך אַהיים.

יאָ. זיי האָבן מיך ליב היינט, מיינע כאַווײרים אין זאַוואָד. איך נעם איינע סכירעס מיט זיי, פונקט ווי עמעצער וואָלט מיט א פּאָדעם אָפּגעמאָסטן, ווי אַף שאָלכענס איינס אַנקעגן דעם אַנדערן אָפּגעוואויגן (ווייזט אויס, דער באַלעבאָס אַזוי), אָבער זיי פילן מיך איצטער אין גרויסער רייכקייט.

יאַנקעלען האָב איך היינט געהאָלפן אַראָפּוואַרפן יוכטן פון בוידעם; איך האָב געוואָרפן פון מיינעטוועגן, האָב איך שוין אַראָפּגעוואָרפן פון זיינעטוועגן אויך. ער האָט מיך געבעטן. דער באַלעבאָסטע האָב איך היינט אַרויסגעשלעפּט אַן עמער וואַסער פון ברונעם, איר קיין קרום וואָרט ניט געזאָגט און אַרויסגעשלעפּט... צי דען-זשע ווייסן זיי, פאַר-וואָס איך בין היינט אַזוי רייך? איך בין היינט אַזוי גוט צו אלעמען? ניין. זיי ווייסן ניט. זיי קערן זיך ניט אָנשטויסן!.. כאָטש די לערנ-אינגלעך, וועלכע ארבעטן מיט מיר א טיש לעם א טיש, ווייסן עפּעס... ווען איך לויף פריער פון אַלעמען אַהיים (מיין נאָרמע אַרבעט איז היינט בא מיר ארויס גיך, און איך לויף פרי אהיים), זעען זיי עס, די יאַט-לעך, און שמייכלען.

איינער האָט צעגאָסן אַ גאַנץ שעפל קופּער-וואַסער. ער האָט זיך פאַרקוקט אף מיר בעשאַסן טונקן די באַרשט אין עמער און האָט ניט איינגעטונקען, נאָר אראָפּגעשלעפּט דעם עמער אף דער ערד. אלע יאַטן האָבן געלאַכט (פון די באלעבאַטים איז פונקט קיינער ניט געווען). די כעוורע לאַכן, דאָס יאַטל ווישט אויס אַפגיך דעם קופּער-וואַסער פון פּאָל. און איך לאַך אויך. אָבער איך בין שוין פון יענער זייט טיר. איך בין שוין פון יענער זייט פּלויט אַריבער. מיין פאַרטעך היינגט שוין לעם דער שליכטאָווניצע, אזוי אַף א גאַנצער נאַכט.

---

...געטראָפן ווען זיך דערוויסן מיינע יאָרן.

אַ פּאָרל גייט ארום מיט א צעטל איבערן שטאָט און פארשרייבט איטלעכן די יאָרן.

צו וואָס אינמיטן-דרינען? מיר איז צוויי און צוואַנציק יאָר.

א יונגער בין איך? נו, איז ווער

מעס דאיגע?

און בוזין מיינער איז וויפל?

אָ, איך ווייס ניט, וואָס און ווען און וויפל! אף מיין וואָרט, איך ווייס ניט! מיר דאַכט זיך, אַז בוזי׳לע איז קיינמאָל גאָר ניט אַלט... ווייסט איר וואָס? איר וועט זיין אין דעם שערערס געסל, דאָרט וועט איר אריין צו איר אהיים, צו איר מאַמען, צו בוזי׳לעס מאַמען, עפשער ווייסט זי. — — —

זיי האָבן פארשטאַנען און זיינען אוועק. מיר האָבן פאַרהאַקט די קיך-טיר. אונדזער אייגענע טיר פאַרהאַקן מיר זעלטן-ווען, ווייל אונדזערע באלעבאַטים זיינען עלטערע מענטשן, פּאָשעטע מענטשן. ער איז א גאַנצע וואָך אין דאָרף, און זי—צו איר גייט קיינער ניט. נו, יאָ, אונד-זערע באלעבאַטים ווייסן בא אונדז אַלץ. ער שמייכלט שטענדיק אף אונדז קוקנדיק, אים דוכט זיך, אַז באַ אונדז איז א קינדערשע פירונג: גאָרניט אזוי, ווי באַ כאַסענע-געהאַטע מענטשן. ער טוט אף אונדז נאָר אַ מאַך מיט דער האַנט און שמייכלט.

דאָ אַנומלטן איז ער געקומען פון דאָרף, ער האָט נאָך דעם פערד ניט אויסגעשפּאַנט און פרעגט מיך:

— אייזיק?

— אַ גאָט-העלף — זאָג איך אים — אַ גאָט-העלף אייך, רעב מאָרדכע!

— גאָט העלף, גוט יאָר, — ענטפערט ער, — און וואו איז „זי״? די ציגעלע דיינע? שיק זי נאָר גיכער אַרויס אַהער!

פארשטייט איר שוין, ס׳אראַ וואוילער איד אָט דער מאָרדכע איז?

און ער האָט געבראכט פון מיין ציגעלעס וועגן סטעלניקעס. נאָר פון איר־עטוועגן האָט ער געבראַכט. ער וועט עס קיינעם ניט פאַר-קויפן.

אַ, געזונט זאָל ער זיין, אָט דער מאָרדכע!

---

ס׳איז פרייטיק. ווער האט עס ניט ליב א פרייטיק אין א קליין שטעטל? די קומענעס פון די נידעריקע הייזלעך באַשמעקן די געסלעך מיט ווייצנס, מיט ווארעמען קיצלדיקן רייעך פון קיכלעך מיט צימרינג באַשאָטן און פון פאַרטיקע געפּרעגלטע קאַשניקעס צום אָנבייסן... און באַ אונדז דורכן קליינעם קיך-פענצטערל זעט מען אלע פרייטיק, ווי ס׳הייצט זיך די באָד. פריילעך און צוזאָגנדיק הייצט זיך באַ אונדז פרייטיק די באָד. אסאך זאָגט זי צו אונדזער דאָרפסגייער, דעם שוסטער, דעם שניי-דער, דעם טעפּער; די קלייטניקעס אַפילע דארפן צו איר אָנקומען. היינט ביפראַט מיר, האַרבאַרעס. אונדזער מעלאָכע שמירט דאָך שטאַרק

די הענט, דאָס וועש, דעם פּאָנעם און דאָס גאַנצע לייב. אָ, ווי קאַרג און ווי ניט רייך יעדערער פון אונדז זאָל ניט זיין, וועט ער דאָך אָפּ־שפּאָרן א צענגראָשנדיקע פאַר אונדזער געלן בעדער.

— א האַרבאַר, — זאָגט אונדזער כאַים די נאָז, — אַ האַרבאַר, אויב ער וועט ניט גיין איינמאָל אין וואָך אין באָד אריין, וועלן אף אים אָנוואַקסן גריבעס.

ער איז גערעכט, כאַים. נאָר וואָס ?— איצט איז נאָך פרי. איצט איז ערשט 12 אזייגער.

בוזי גיסט מיר אוף וואַסער, איך וואש די הענט. אָנבייסן דארפן מיר עסן.

אונדזער קיך־טיר איז א קורצע און א פירעקעכדיקע. זי איז מערער ענלעך אף א באַלעבאַטישער לאָקשן־ברעט, ווי אף א טיר. האט זיך אט די לאָקשן־ברעט געעפנט, און אונדזער מאַמע איז דא. בוזיס מאמע. זי האָט ניט געוואלט אָפּשלאָגן דעם קאָפּ. האט זי זיך אביסעלע אונטער־געבויגן באַם אַריין. נו, פאַרשטייט זיך, אזוי דארף מען.

אַ גאַסט ! די מאַמע. געוויס איז זי געקומען אונדז אָפּגעבן א גרוס, ווי די קוילעטשן גייען שיין אוף אין אויוון.

צום סאָף איז ניט דאָס.

יאָסעלע איז אויך דאָ. יאָסעלע, בוזיס ברודערל. 6 יאָר איז ער אלט. א שוואַרצינקער, אַ דאַרינקער, מיט באָרוועסע פיסלעך. ער איז מיין ברודערלס, מיין הערשעלעס, אַ כאַווערל. הערשעלען איז אויך 6 יאָר, און ער איז אויך א שוואַרצינקער און א דאַרינקער.

יאָסעלע פילט זיך נאָך ניט היימיש מיט אונדזער באַלעבאָסטעס קיך און אפילע מיט אונזער פאָרפּאָלקישן צימער, האַלט ער זיך טאַקע האַרט לעם זיין מאַמע און זשמורעט מיט די שוואַרצע „נויגן".

טאָ וואָס־זשע איילט זי אונדז, די מאמע, איצטער, אינמיטן פרייטיק פאַר אָנבייסן ?

מיר זאָלן גיין אָנקוקן אַ בעהיימע צו הערשלען ריווע־לייעס.

זי, די מאַמע אונדזערע, האָט זי שוין געזעען :

„א שיינע, אָנאַנהאָרע, בעהיימע". „אַן שוואַרצע, אַן אוסאָוו ער איז זי".

נאָך איידער עפּעס, איז די מאַמע אונדזערע שוין געטריי דער בעהיי־מע, וואָס בא הערשלען ריווע־לייעס אין שטאַל : „ס'זאָל, כאָלילע, קיין שלעכט אויג צו איר ניט צושטיין".

א שיינע מאמע בא אונדז. אלע שאָ דאַכט זיך מיר, אז איך בין עפּ־שער ניט ווערט די שוואַרצלאָקיקע, זינגענדיקע מיידעלע מיינע, וואָס וואַרט אף מיר אלע טאָג, ווען איך גיי פון דער ארבעט, מיט וועלכער

איך קוש זיך אלע מ' און טו'יזנט מאָל א שאָ. יענע שאָקלט מיר שטי־פעריש מיט קינדער קלוגע בליקן, אז „ס'איז אן עמעס", „זי איז מיר א ווייב". אזא שיינע איז זי און שטיפט מיט מיר, מיט א גרויסן... און ניט געגוג? — איז נאָך איר מאַמע מיר א מאמע. האב איך שוין צוויי מאַמעס.

און די מאַמע כאַיטשיק האט אינדז ליב, שטאַרק האָט זי אונדז ליב. און זי איז בא אונדז א לייט. — לייטישער פון אלע דא אין שטאָט און אף דער גאַנצער וועלט.

איצט וויל זי, מיר זאָלן אָפּקויפן די שווארצע אוסאָוועך בעהיימע.

— אין א געזינד, — זאָגט זי, — וואו ס'ניטאָ קיין אייגענע גלאָז מילך, איז מען אזוי ווי אָן הענט; און א באַלמעלאָכע קען אַוואַדע אָן דעם ניט אויסקומען.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן הער איך, אז איך בין א געזינד. און נאָך א באלמעלאָכישע געזינד.

— ריכטיק, ריכטיק, מאַמע. א געזינד אָן מילך איז אזוי ווי אָן... יאָ, יאָ, אָן אלץ אין דער וועלט... געוויס, געוויס, שוין גייען מיר מיט דער מאמען אָנקוקן די שווארצע אוסאָוועך בעהיימע... נאָר צי וועט הערשל וועלן צובאָרגן, מיר האָבן דאָך מער ניט, ווי דריי קערענקעס (בא דער מאַמען אין גרויסן מאַכזער באַהאַלטן), און אזא בעהיימע דארף אַוואַדע קאָסטן 5—6 און עפשער אלע צען!

---

בא הערשלען ריווע־לייעס רעדט די ווייב אַפּן „כייש". זי האָט אן אָרנטלעך פּאָנעם. זי ווייזט מיר מיט בוזין א קריגל מילך און זי רעדט צו אונדז, ווי מיר וואָלטן טאַקע אינעמעסן עפּעס פאַרשטיין. בוזי שאָקלט איר צו מיטן קאָפּ.

יאָ, זי פאַרשטייט, אז ס'איז טאַקע א גוטע בעהיימע.

גלוסט זיך דאָך מיר איר גוט אָפּצאָלן, מיין בוזין, טאַקע דאָ אינמיטן הויף... סאַ קלוגקייט זי קומט עס אויס מיט הערשל־ריווע־לייעס ווייב!

נאָר יאָ, עמעצער רעדט דאָך צו מיר. ס'איז הערשל אליין... שוין עטלעכע מאָל, ווייזט אויס, אז ער רופט זיך אָפּ צו מיר, און איך הער ניט. פע, ס'ניט שיין!

בא הערשלען איז א ברייטע ציגל־קאָלירענע און זיכערע באָרד. אפי־לע אַביסל א שטריינגע, אָבער א גאַנץ אָרנטלעכע:

„טשעפּעט אים ניט, — ווייזט זי אף איר הערשלען, — און ער וועט אייך ניט טשעפּען".

— הערסטו, — זאָגט ער צו מיר, און די ברייטע באָרד שאָקלט אים אף אלץ צו „באָם". — הערסטו, איך דאַרף קיין סאַך ניט ריידן. דו וועסט מיר פאַר איר דאַנקען. זי איז אן אוסאָוועך!..

איך ווייס? איך בין גרייט אים שוין אָנדאַנקען א פולע היטל: ער רעדט מיט מיר אזוי ווי מיט א טאַטן, אַזוי ווי מיט מיין טאַטן, רעדט ער מיט מיר... און די מאַמע ציילט אים די דריי קערענקעס. זי האָט אפילע בא אונדז אָנגעפרעגט, אָבער מיר זיינען דאָך סייוויסיי מאַסקים.

יאָסעלע האָט זיך פאַרטראַכט און איז אריין מיט א פיסל אין ווייכן, נאָך וואַרעמען בעהיימישן מיסט. שרייט זי אף אים, די מאַמע:

— קריך ניט אונטער די פיס, יאָסל, די בעהיימע וועט דיך האַרגענען!

און הערשלס קלענסטער אינגל, אַ צעבליטער קאַצעוו-יונג, וועלכער שווייגט שטענדיק בעשאַס דער טאַטע רעדט, פירט שוין פאר א שטריקל די שוואַרצע אוסאָוועך בעהיימע אין דעם שערערס געסל אריין. ס'איז אַפילע ניט קיין בעהיימע, ס'איז א גילגל פון א מענטשן, ווארום זי איז זייער קלוג, און ניט אזוי גרינג לאָזט זי זיך פירן אף דער שטריק, ווי יענער וואָלט געוואָלט...

האַלב געלט גלויבט ער אונז, הערשל. אַ פיינער מענטש אָט דער הערשל... און איך לויף שוין אָן אָנבייסן אין זאַוואָד אריין...

— וואַרט נאָר, וואַרט! — בוזי אזוי אף מיר.

זי זעט אָבער, אז איך וועל פאַרשפּעטיקן, און מיר וועט זיין ניט שיין, כאַפּט זי און פאַרענטפערט זיך:

— נו, גוט. גיי, איך וועל דיר באַלד צושיקן מיט מיילעכן איבערבייסן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

האָט איר שוין געזעען אמאָל אזא מאָדנע וועלט? דאַכט זיך, מיין בוזי? אלע ווייסן? נאָר איצט איז קיינער ניט מיינער. איצט דאַרף איך גיך לויפן אין זאַוואָד אריין.

אזש טדערן ווארגן מיך אין האַלדז פאַר פאַרדראָס: וואוהין איז דאָס לויפן? און אינמיטן-דרינען?.. צו וואס דארף איך רייסן מיינע טריט מיט געוואַלט פונדאָרט, וואוהין זיי פאַרקערעווען אליין?

— קסאָ-צעבע! אין האַרבאַרני אַריין!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א אידענע מיט קלאָמערשט פאַרגינענדיקע אויגן ווינטשט אַראָפּ פון א גאַניק:

— נישקאָשע, ער וועט, מירצעשעם, אויסצאָלן...

דאָס רעדט זי פון מיר.

מיינע לייט פארקערעווען אין דעם שערערס געסל.

„זי האָט גוט געטראָפֿן מיטן אײדעם״ — זאָגן װײַבער.
און איך לויף גלײַך. איך לויף אין זאַװאָד אַרײַן. איך האָב שוין סײַװױ פֿאַרשפּעטיקט. אַף אַ האַלבער שאָ.

---

מײַן טאַטע איז מיט מיר צעקריגט:
לעמאַי בין איך אַ יוכטאַרניק, אַן אַרבעטער און אַ פֿאַרדונגענער.
מײַן טאַטע האָט ליב, אַז מע אַרבעט נאָר בײַ זיך.
מײַן טאַטע פֿאַרמאָגט אַן אײגן האַרבאַרנילע, אַרבעט ער אַלײן אין איר און ס׳אַרבעטן נאָך בײַ אים צװײ אינגלעך: פּיװוקע און ראָװון.
מײַן טאַטע האָט געװאָלט, איך זאָל זײַן בעלעבאָס אין זײַן האַרבאַר-ני, איך זאָל זיך לערנען זײַן אַ מענטש און געניג. מײַן טאַטע איז מיט מיר צעקריגט שוין די גאַנצע צײַט. פֿאַר מײַן כאַסענע האָט ער זיך מיט מיר איבערגעבעטן אַף אַ רעגע, מיך „כאַסענע געמאַכט״, און איצט זײַנען מיר זיך װײַטער צעקריגט.
עפּשער איז ער גערעכט, דער טאַטע: בײַ יענע האַרבאַרעס די קינ-דער פֿאַרדינגען זיך ניט, זײ אַרבעטן בײַ זיך און קאָנען אַרױסציִען בײַ די געדונגענע מענטשן אַרבעט. און איך? — מיך טאָר מען גאָרניט לאָזן אײנײנעם מיט מענטשן אַרבעטן, װאָרום איך צעלאָז זײ, איך האָב ער-געץ אױסגעלײענט דער רױך-װײסט-װאָס פֿאַר אַ ביכלעך און איך הײב אָן פּלאָנטערן פֿאַר די אַרבעטער „אידײען״ — „אַזױ קאָן מען דאָך פֿון אַ מאַלעך אױך מאַכן אַ גאַלעך!״
קאָן זײַן, דער טאַטע איז גערעכט. אײנס נאָר — איך האָב אין קײן ביכלעך ניט אױסגעלײענט אַזעלעכס. מיר װײסן אָבער אַלײן, אַז װען בעם באַלעבאָס קומט-צו, קומט אונז אָפּ. מיר קומט אָפּ אַ פֿונט געזונט, קומט אים צו אַ פֿוד סכױרע. אַלע װײסן עס. נאָר מע רעדט פֿאַרשטעלט. און אַז מײַן טאַטע האָט נאָך גאָט פֿאַר אַן אײדעס — דאַרף מען שוין מער נישט.
אָט פֿון איר, פֿון בוזין, האַלט מײַן טאַטע מער אַ װעלט. זי איז לײַטישער, זאָגט ער, פֿון מיר.
אַזאַ יאָר אַף מיר, װי מײַן טאַטע איז גערעכט. בוזי איז טאַקע אַסאַך לײַטישער פֿון מיר. איר לײַטישקײט דערגרײכט אַזױ װײַט, אַז ז׳ רעדט מיך אַפֿילע ניט אײַן, איך זאָל זיך אױסלערנען װי אַזױ האַ-װירן דעם טאַטן. זי װאָלט דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אין זײַד. נײן, ז׳ רעדט מיך ניט צו.
אָ, בוזיס ציצענע קלײדעלעך! מיר האָבן נאָך הײַנט אין קאַסטן אײנע אַזאַ. איר זאָלט זען, װי ס׳זינגט פֿון זײ, פֿון בוזיס אײנפֿאַכע ציצענע קלײדעלעך.

פרייטיק-צו-נאַכטס איז געקומען צו אונדז מיין מאַמע, מיין בוזיס מאַנס מאַמע. זי איז געקומען נאָך וועטשערע פון האַרבאַרני אין שטעטל אַריין, מיט אונדז אביסעלע פאַרברייננגען.

מיר זיינען שוין אליין א שטוב, איך מיט בוזין. מע קאָן שוין צו אונדז קומען פאַרברייננגען.

בא מיין מאַמען איז איר נאַכעס אַביסל א צעשטשערבעטער. „דאַכט זיך, מיט אַלץ איז איר גאָט איר געגאַנגען אַנקעגן! זעט איר, דאַרפן זיי זיך ניט גלייכן צווישן זיך" (אַף מיר מיטן טאַטן רעדט זי עס). און זי האָט געזעען אונזער בעהיימע, האָט זי געזעען, אָנאַנהאָרע א שיינע... זאָל זיין „נאַ סיר אי נאַ מאַסלאָ".

דאָ אויך איז מיין מאמעס נאַכעס צו שטיל. עפשער פאַרדריסט איר, וואָס אזעלכע זאַכן טוען מיר אָן איר: זי האָט דאָך שוין געהאַלטן אין איר לעבן בעהיימעס... אַף בעהיימעס ווייסט זי אביסל בעסער פון אונדז...

און איך וואָלט וועלן, מיין מאַמע זאָל אַראָפּלאָזן יעדער פאַרדראָס פון האַרצן. זי איז דאָך מיין מאַמע! זאָל זי זען, ווי ס'פרייט זיך אין מיר יעדער אייווער. זאָל זי זען, ווי ס'לויכט בא מיר אין שטוב פון איר שיינער קליינער שנור, און זאָל מיין מאַמעס נאַכעס זיין א גאַנצער.

— — — — — — — — — — — — — — — —

טרעפט זיך אָפּט אינמיטן זומער: דו גייסט אין גאַס, און פלוצים — בוואוה! — ניט פון וואַנען — ניט פון וואָס, האָט דיר פלוצים פון זומערס לייב געטון א שמעק מיט הארבסט.

— וואו? וואָס?

ניין, ניטאָ קיינעם. ס'איז זומער, ליבער זומער אַפן גאַס.

— — — — — — — — — — — — — — — —

... אָבער אין האַרצן האָט זיך עפּעס איינגעריסן. ס'איז אַריין א צוויאָק — אַ פאָרגעפיל פון אויסגעבייגקטן, נאָגנדיקן האַרבסט.

און ווען די מאַמע איז בא אונדז געזעסן עפּעס גאָר ניט פריילעך, האָט מיך אויך א צופּ געטון באַם האַרצן:

— זע, מאַמע, דו זינדיקסט. — — — — — — — —

אין א וואַרעמער נאַכט האָבן מיר אָפּגעפירט אונדזער צוגעשטילטע מאַמע צו איר אַהיים.

און צוריק איז אונדז די גאַנצע וועלט געווען אן אויסגעשטערנטע כופּע. טויזנט אויגן קוקן אַף דיר. נאָר זיי פרייען זיך מיט דיר און פאַרגינען דיר: דו ביסט דער כאָסן און לעבן דיר „זי", דיין אויסגע-שלייערטע, שיינע קאַלע.

איך טו אַ גרויסן איבערשלאָג אונדזערע ווייבער, וואָס איך גיי ניט דאַוונען שאַבעס. פאַראַן איין שאָ אין דער וואָך, ווען אונדזערע ווייבער דערלויבן זיך א שמועס טון פון וואָס מע מעג און פון וואָס מע טאָר ניט. אַזוי נאָך, אין די ווייסע אונטערשטע קליידלעך גייט מען זיך אַרום; ניט איילנדיק קלייבט מען צו אין צימער. עפּעס האָט מען פון וואָס צו ריידן... און יונגע, נאָר-וואָס כאַסענע געהאַטע, מעגן זיך באַ עלטערע עפּעס דערפרעגן אויך. מיט פאַרשעמטן שמייכל און ניט קוקנדיק גלייך אין די אויגן מוז מען טאַקע אַף עפּעס זיך דערפרעגן.

— ביזוואַנען וועט מיין איידעם זיין אַזאַ איוואַן און וועט ניט גיין אין שול אריין דאַוונען? דו ביסט דאָך שוין עפּעס אַ יונגערמאַן, ניט קיין אינגל!

מיין בוזיס מאַמע, אונזער ביידנס מאַמע, וויל מיך אויסמוסערן אַביסל. זי האָט אָבער ניט אופגעהאַלטן איר ערנסט ביזן סאָף און האָט זיך צעלאַכט אַף א קאָל. איך האָב אויך געלאַכט, מיר האָבן אלע געלאַכט, נאָר פונדעסטוועגן האָט מיר באַנק געטון, וואָס איך נעם צו באַ מיינע לייט אַזאַ שאָ.

איך גיי אַרום שאַבעסדיק אָנגעטון (באַ אונדז איז עס דער איינציקער אידישער רו-טאָג פאַר אַלעמען, פאַר אַלט און פאַר יונג, כוץ דעם אַפּטייקער).

העלפט ניט קיין מאַיסעס. האָב איך מיר א בוך מיט איינגעבונדענע טאָוולען. און מיין באַלעבאָס האָט ווי צוריק מיט צען יאָר געוואוסט און אויסגעבויט לעם שטוב אַ פאַרמאַכט גאַניקל א גלעזערנס. מאַך איך דאָרט פּלייטע און קוק זיך גאַנץ איידל אריין אין א בוך. איך קוק אין בוך און ווייס ניט פון קיין איין וואָרט... „איך וועל, ווייזט אויס, מוזן פאַסטן אַזוי אָן בוזין ביז נאָך וואַרמעס״. איצט וועלן זיי דאָרט שמועסן פון עפּעס לאַכנדיקס, דערנאָך וועלן די באַלעבאַטים קומען פון שול, דערנאָך דער שאַבעסדיקער וואַרמעס פון אויוון; דערנאָך ערשט נעמען מיר זיך ארום, ביידע קינדער, שטאַרק, שטאַרק (ווי מיר האָבן זיך שוין צען יאָר ניט געזעען) און מיר ווילן ניט גיין אין די „ליפּקעס״ שפּאַצירן — דאָ איז בעסער.

---

באַ מיין באַלעבאָס איז שוין דער סורדוט פאַרגעלבט געוואָרן פון יאָרן.

פון שול גייענדיק, טוט ער א קוק; אין איינוועגס, צום פערד און טראָגט אונדז גלייך אַריין אַ פּיינעם, א שיינעם „גוט שאַבעס״. אָבער אים איז פון אונדז א געלעכטער. „גוט שאַבעס״!—שטעלט ער נאָכאַמאָל אַריין דעם קאָפּ אין דער האַלב-געעפנטער, רויטער, געגלאָזטער טיר.

און בא וואָס ער זאָל אונדז ניט כאַפּן, איז אים גאָרניט. אים איז נאָר א געלעכטער פון אונדז. און איידער ער בינדט איבער דעם גאַרוסענעם גאַרטל אַפּן פאַרגעלבטן טונקעלן סורדוט, מאָלט ער שוין עפּעס מיט די ליפּן. ניט מיינט, אַז ער עסט שוין. ניין. דאָס האָט ער נאָך אַבי-סעלע צום דערדאַוועגען. אין קלויז די אידן כאַפּן זייער. ער קאָן זיי ניט דעריאָגן. און דערצו איז ער טאַקע אַביסעלע טעמפּיק אַף דער איווריע אויך. נו, מיילע, א דאַיגע. אונזער באַלעבאָס איז אַף קיינעם ניט אין קאַס, טאָמער שטייט ער אָפּ אביסעלע, דערדאַוונט ער די רעשט אינדערהיים !..

— — — — — — — — — — — — — — —

...וויפל די באַלעבאָסטע טראָגט צום טיש מאָרדכען, אַזויפיל טראָגט בוזי מיר צום טיש. אזוי ווי א מאַלפּעלע, אַזוי מאַכט זי שטענדיק נאָך די גרויסע. און מיר שפּילן דאָך זיך אין א מאַן מיט א ווייב, און אזוי ווי דער מאַן מיט דער ווייב, עסן מיר זיך פון באַזונדערע טעלער-לעך וואַרמעס.

איך האָב, דאַכט זיך, טאַקע געזאָגט א ענלעך וואָרט, וויל זי מיר פאַר אַזא וואָרט אָנדרייען דעם אויער: ס'איז פון מיין זייט ניט קיין ערנסטע באַציאונג צו כאַסענע-געהאטע מענטשן! איך פון מיין זייט אָבער ווער, פארשטייט זיך, ניט לאָזן, אַ „ווייב” זאָל מיך דרייען פאַרן אויער, — אַנטלויף איך. וואוהין לויפן איז ניטאָ, יאָגט מען זיך ארום דער באַלעבאָסטעס פּאָליטורטן טיש. איך אנטלויף, און זי יאָגט מיך נאָך. איך אין מיין גרויען קאָסטיום און אין די אויסגעפּוצטע קאַמאַשן — זי אין איר שוואַרץ, קורץ קליידעלע, אין דער ווייסער בלוזע און אין די שיינע, קליינע שיכעלעך. איך זאָג ניט קיין ליגן, איך האָב זייער ליב אירע שיכעלעך, אַזעלכע קלייניקע זיינען זיי, האַרטינקע און ציכטיקע.

דער באַלעבאָסטע פּארדריסט, וואָס מיר יאָגן זיך אַרום און רייבן איר געוויס אָפּ די פאַרב פון פּאָל. דעם באלעבאָס אָבער געפעלט. ער שטופּט אריין זיין באַוואָקסענעם קאָפּ אין דער האַלב-געעפנטער, רוי-טער, באַגלאָזטער טיר און לאַכט.

— קינדער בלייבן קינדער, — זאָגט ער און לאַכט און פאַרגייט זיך ווי אַ קינד.

די באַלעבאָסטע איז א קורצינקע אנקעגן אים, מיט קליינע, בייזע אייגעלעך, מיט אן אופגעקנייטשטן פּאָנעם, ווי הויט פון ניט דערבאַקטן עפּל, און מיט א גיכן כאַפּנדיקן לאָשן (ווי עמעצער כאַפּט בא איר אויס).

— מ׳זאָגט „סטאַרע, יאַק מאַלע״ איז עמעס!.. וואָס האָסטו אריינ-געשטופּט דעם קאָפּ, וואָס האָסטו?.. נעם נאָר אָט-אָ אַראָפּ דאָס שטיקל קוגל פון באָרד!... קינדער?... זיי וועלן שוין באַלד אליין האָבן קינדער, וועלן זיי שוין באלד האָבן!..

די באַלעבאָסטע, אז זי רעדט, קוקט זי ניט אין קיינעמס זייט. עפּעס האָט זי אף זיך זינד אַזעלכע, דערציילט מען, פון דער יוגנט, האָבן זיי זיך איר אָפּגעשטעלט, און פון דענסמאָלט אָן קוקט זי ניט קיינעם גלייך אין די אויגן. איצט געפעלט איר ניט, פאַרוואָס אים גע-פעלט, וואָס די קינדער שפּילן זיך. — — — — — — — —

ס׳וואָלט אָבער ניט שאַטן, ווען מיר האַלטן זיך טאַקע איצט אַ קאָפּ שטילער, — די באַלעבאַטים לייגן זיך דאָך צו שאַבעס נאָכמיטאָג.

וועלן מיר שוין טאַקע רעדן שטיל..

— אָפּגערעדט?

— יאָ, אָפּגערעדט.

בוזי׳לע לייגט אַוועק א שאַל אַפּן ריינעם דיל, לייגט אוועק א קישן און שרייט אף מיר אָן, אף צוקלוימערשט, ווי א גרויסע. באַ איר זיי-נען שוואַרצע אונטערגעשוירענע לאָקאָנעס, וועלכע ווילן זיך קיינמאָל ניט אונטערגעבן דעם קעמל און ליגן שטיל. זיי קרויזן זיך און גייען שטענ-דיק אוף. שטיפערישע אויגאַנעס באַ איר, שוואַרצע, יוגנטלעך-באַפייכטע און מיט אַ גוטן גלאַנץ, וואָס לאַכן שטענדיק און האָבן זיך פאַר דיר נישט קיין מוירע, אפילע דענסטמאָל, ווען די שטיפערקע האָט אָנגע-שטיפט און אפילע אופגעטון א העזעק אויך. וואו-ניט-וואו וואַרפן זיך באַ איר דורך זומער-שפּריינקעלעך אַף פּנעם; און ארום מויל איז בא איר פאַראן א בלוי אָדערל...

ס׳איז א ליגן! קיינע אָדערלעך זעט מען באַ איר ניט ארום מויל! אָבער, אַז זי וויל, וועדט זי אָן דעם אויך גוט אין קאָס. יאָ, יאָ. אָבער די פייכטע אויגאַנעס און די אופגעגאַנגענע צעקרויזטע לאָקנס צעלאַכן זיך אין דערזעלבער רעגע (אויב יענעמס שולד, פאַרשטייט זיך, איז א „פּוסטיאַקאָווע״). און אַזוי שפּילט מען זיך א גאַנצן פרייען טאָג.

— מינאַסטאם קאָן איך דערציילן מאַיסעס?...

אָבער פון דער ציגעלע דער ווייסער וויל זי ניט, און קיין אויסגע-טראַכטע וויל זי אויך ניט, נאָר פון קאָפּ זאָל איך דערציילן.

דערצייל איך איר, אַז אַמאָל איז געוועזן, איז געוועזן, איז געוועזן בא א ווייבל אַ קליין מיידעלע...

— ווי אזוי האָט זי געהייסן?

— בוזי׳לע — — — — —

— אי, שוין, שוין, ער פאַרדרייט!

און זי כאַפּט מיך דרייען פאַרן אויער. אויב ניט, זאָלן מיר אָפּ-מעסטן באַ וועמען איז די נאָז א לייגנגערע!

פאַרשטייט זיך, אַז מיין נאָז איז דריי מאָל אַזוי די לייגנג ווי אירע...

— — — — — — — — — — — — — —

אָבער לאַנג שפּילן זיך וועט מען אונדז ניט לאָזן. די טיר עפנט זיך פּאַמעלעך (מע זאָל ניט אופוועקן די באַלעבאַטים) און די מאַמע אין דער זומערדיקער שאַל מיט די רויטע קעסטעלעך גייט צו אונדז מיט שטילע שאַבעס-באַטאָגיקע טריט.

נאָך דער מאַמען — ראָכעלע.

ווי זאָגט איר, מיר האָבן זיך זייער שטאַרק געדאַרפט פארשעמען, וואָס מיר זיינען געזעסן ווי די נאַראָנים אָף דער אויסגעשפּרייטער שאַל און זיך געהאַלטן אינמיטן מעסטן די נעזער?

און מיר האָבן זיך דאַווקע ניט אַזוי שטאַרק פאַרשעמט. מיר זיינען נאָר אופגעשטאַנען, צוגעטו־אָגן דער מאַמען און ראָכעלען ביינקלעך. די מאַמע (בוזיס און מיינע) שטייט מיט אַ יונג-מאַמישן, גוטן שמייכל, ראָכעלעס קעפּעלע טוליעט זי צו זיך... אינמיטן שטוב שטייען זיי, אזוי רואיק, שאַבעס-באַטאָגיק, און ס׳איז זיי גאָר קיין כידעש ניט, וואָס בוזי גייט אין די זאָקן אָן שיך, און מיר דערלאַנגען זיי ביידן צו צוויי שטילעכנס זיי זאָלן זיצן.

— זיצט!...

## II. אין האַרבאַרני

ווער ווייסט עס ניט, אַז אין רוסלאַנד איז שוין א יאָר נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע? אוואַדע ווייסן מיר! אָבער אין אונדזערע מעקוי־מעס גופע זיינען נאָך קיינע שום רעוואָלוציעס ניט פאָרגעקומען. בא אונדז הערן מיר בלויז מאַיסעס. די שוסטער שוסטערן זיך, די שניידער — שניידערן, די קרעמער האַלטן די קלייטן אָפן... זעט איר, די נאָדל באַם שניידער גייט אַפילע גרינגער פון האַנט: — מ׳פילט עפּעס „יעשועס אף אידן"... אָבער דערוויילווייסט נאָך אונדזער שטעטל פון גאָרני׳שט. אונדזער שטעטל האָט נאָך אפילע קיין רעכטע דאַמפּמאַשין ניט געזען (אין מיל איז עפעס יאָ פאַראַן א פייפער, איז דער מילנער א בייזער און לאָזט קיינעם אהין ניט אַריין). באַם טיש אין האַרבאַרני, ווען מיר אַרבעטן, כאַזערן מיר שטיל די מאַרסעליעזע. אָבער די מאַרסעליעזע קלינגט אויך, ווי אַ מאַיסע. און ווען די באַלעבאַטים קומען אַריין, מעג מען סייווי אופהערן זינגען, ווייל זיי אַנערקענען ניט אינגאַנצן דעם איניען.

אינעמעסן, איז זיי נאָך געוואָרן גרינגער צו אטעמען: אויס קאָנ־טראַקטן, אויס אינטענדאַנטסטווע, אויס קאָמפּלעקטן און אַפילע אויס אָטסטראָטשקעס פאַר אָבאָראָנע. ס׳האָט זיך געעפנט א נייע וועלט! וואָס, יאָ?

— ס׳ווייזן זיך אַריין אינסטרוקטאָרן.

אָבער אונדזערע האַרבאַרעס האָבן זייער גיך געפונען די גייטיקע שפּראַך מיט דער „נייער מעלוכע". און קוק: יענע טרינקען שוין טיי באַם באלעבאָס אין שטוב. אַ צוויי באלעבאַטימלעך פון אנדערע האַר־באַרניס זיצן אַרום און שמייכלען־צו: ווער פון א שוואַרצער באָרד און ווער פון א געלער; אַלע מיט קאָראַווע הענט פון שטענדיקער זיך־געטרייער אַרבעט:

— „מי וועד גלאַווניע ראַבאָטשיע",—טאַינען זיי מיט אידישע אינ־סטרוקטאָרן אַף רוסישן גאָיעש, און באַקומען דערביי אַרטיטטישע, שמייכלענדיקע ראַכמאָנעס־פּענעמער (ווייזט אויס, נאָך פאר דער צייט).

... אנומלטן איז אַריינגעלאָפֿן אונדזער פּוגאַטשאָוו (אַזוי הייסט בא אונדז אונדזער באַלעבאָס, פֿאַר זיין בערדל און דיקן מויל).

— כעוורע,—האָבן זיך בא אים צעמישט זיינע קעצן-גרויע אויגן, און ער שווייגט, ער האָט זיך, דוכט זיך, פֿאַרגעסן וואָס ער וויל.

ארום אים האָבן מיר זיך אַרומגעשטעלט, מיט פארקאַטשעטע אַרבל, אין האַרבאַרסקע פּאַרטעכער, גרייט צום הערן.

אין פארשיידענעם עלטער שטייען מיר פֿאַר אונדזער באַלעבאָס. אַנדערע פּאַסטן אים פאר קינדער (34 יאָר איז אים, און אונדזער יאַנ-קעלע איז פּונקט 14 יאָר אלט), אַנדערע פּאַסטן אים פאר ברידער און אַנדערע פאר טאַטעס.

אַלע וואַרטן מיר אַף פּוגאַטשאָווס פלוצימדיקייט...

— אָט וואָס, — האָט ער זיך דערמאָנט, און די גרויע אויגן זיינען באַ אים נאָך אַלץ צעמישט, — לייגט צונויף די סכוירע אין טרוקענעם פּערעסיפּ! אַלץ, וואָס ס'איז נאָר דאָ פונויבן! וואַרפט אריין, דעקט-צו און פארשיט דאָס דעקל מיט זדיביצע.

— סלושאַיעם! — איז אונדזער טרוכליאַווער פּרעמענט אַרויס מיט זיין געוויינלעכער מוטיקער שפּראַך. און כעוורע נעמען זיך ניט איילנ-דיק פֿאַר א פּאַסקודנער ארבעט.

אוואַדע איז עס אַ פּאַסקודנע אַרבעט: בלאַקירטע יוכטן, נאַסע — צונויפקאָרטשען מיטן אונטערגעשמירטן כיילעוו און וואַרפן אין פּערע-סיפּ אַריין. געשוואַרצטע יוכטן, צום טריקענען — אין פּערעסיפּ אַריין; ווייסע איבערגעבלאקירטע—צעברעכן, צעקנייטשן און אין פּערעסיפּ אַריין. ס'איז אַן ארבעט פֿאַר ליידיקגייערס, איז עס אַן אַרבעט.

איך מיט לעמלען טראָגן מיר זדיביצע אַפּן פּערעסיפּ ארויף. דאָס האָט פונקט אַזאַ פּאָנעם, ווי נעמען צעקייט, אויסגעשפּייט עסנוואַרג אין די הענט און זיך ווידעראמאָל מיט אים אייסעקן. די זדיביצע איז שוין אויסגעווייקטע, ארויסגעוואָרפענע און צעפּריעטע — טראָגן מיר זי צוריק פונדרויסן אין זאַוואָד אריין און...

— איר ווייסט וואָס, גאָספּאָדאַ? גייט איצט אַהיים עסן וואַרמעס! — דאָס איז אונזער פּוגאטשאָוו אַזוי ווידעראַמאָל ארויס מיט לאָשן, — היינטיקן טאָג זאָלט איר שוין איבער-זיין אינדערהיים. און מאָרגן וועלן מיר זען...

— ???

— !!!

...ער רעדט מיט זיין געוויינלעכער אזעסדיקער שטים, כאָטש ער פילט זיך שוין, ווייזט אויס, אַביסל באַ אונדז אין דער קלעם, ער טרייסט זיך נאָר מיט איינס:

„איך ווייס? הם! ס'ניט צו גלויבן, אז אידן זאָלן מיך גיין מאַ־סערן"...

און דער זאַוואָד בלייבט אַ נעבעכדיקער ביז מאָרגן, און עפשער ביז איבערמאָרגן; אזוי זיך אַ זאוואָדל — אַ פוסטקע. „מע פאַרשליסט אים אַפילע ניט". „אָט ליגט פון אַ יאָר זדיביציע און פוילט, און ס'איז אויך ניטאָ, ווער ס'זאָל זי אַרויסטראָגן". „וואָס איז? ס'איז דען פאַראַן מיט וואָס צו ארבעטן? ס'ניט אַמאָליקע צייטן!"

— — — — — — — — — — — — — —

און אונטן אין פערעסיפ שפיגלען זיך היפשע פודן יוכטן, מיט זייער פילטויזנטיקער ווערטקייט, מיט גאַיווע פון זייער באלעבאָס פרייער קעשעני, פון זייער באלעבאָסטעס גרויס־גווירישער קו, וועלכע איז איינע אין שטאָט, און פונם גוטן אויסגעגעסענעם שפאַק אינם רייכן געשפאַן.

צופרידענע, שמועסן זיי זיך דורך צווישן זיך אינם טונקעלן פע־רעסיפ:

„אונדזערער", מיר מאכן אים רייך... איצטער רוען מיר זיך דאָ אָפּ... איבער זיי, איבער די אינסטרוקטאָרן... פון אוורוטש זיינען זיי געקומען צו פאָרן אינצווייען און בייזערן זיך... נישקאָשע, ס'וועט גאָר ניט זיין...

## III. בא בוזיס מאמען אין שטוב

בא בוזיס מאמען אין פעדערהויז איז פול מיט מעלאמדימלעך און מיט געקוילעטע הינער.

— מיר וואוינען נאָך אלץ אין שכיינעס, — זאָגט מיר בוזיס מאמע מיט אַ שמייכעלע, וועלכע זאָגט, אז „אלץ מוז מען אָנעמען פאַר גוט״.

זיצט טאקע די מאַמע אונדזוערע באַ אַ שויכעט אין שכיינעס. דער שויכעט איז אַ קאָרעוו דער מאמעס. און באם שויכעט איז דער עלטע־רער זון אַ גרינער, אַ שטשופלער יונגערמאנטשיק, מיט ביר־קאָלירענע שפּילנדיקע אויגן און מיט א גרויסן קנאָפּ אפן האַלדז. יענער האלט ניט פון פוצן זיך, פון היינטוועלטישקייט, אָבער ער האלט פון זיין פידל, פון דער העברעאישער שפראך און פון ציען... ער האָט אַ צייט גע־קלערט און זיך אָפּגעגעבן: ווי אזוי מאכט מען אַן אָריגינעלן אלעפּ־בייס פאר קינדער — אלע אלעפבייסן ביז איצט טויגן דערווייל אף קאַפּאָרעס...

דער אלעפבייס איז נאָך אַדאַיעם אין פראָעקט. אָבער „ווידן״ (קארטלעך) האָט ער ארויסגעשריבן אַסאַך, אַ יאַם מיט „ווידן״: ווי דער דאָקטער הערצל זיצט, ווי ער שטייט און ווי פון זיין קייווער רופט: „אויב דו ווילסט, איז דאָס ניט קיין לעגענדע״. אַ יאַם, אַ יאַם מיט קארטלעך. פון קינדערלעך, וואָס מאכן ספּאָרט; פון דעם יאַם קינעריעס און פון נאָך דאָקטוירים ציאָניסטן. עטלעכע קארטלעך זיינען נאָך געווען פון בארימטע אידישע שרייבער.

איך האָב איינגעקויפט הערצלען אין אלע פּאָזעס, דעם יאַם קינע־רעס און די אידישע שרייבער. איך האָב גוולאדיק ליב שרייבער אידישע און ניט אידישע, און אָפט דאכט זיך מיר, טאָמער ווילן זיי ניט ליידן, איך זאָל פּאטשקען מיט מיינע הענט זייערע פּאָרטרעטן. אָבער בוזי מעג. ווען זיי ווייסן, אַז בוזי פּאָרעט זיך מיט זיי, וואָלט זיי שוין ניט געאַרט! פאַרקערט, זיי וואָלטן נאָך געווען צופרידן! — — ווייטער האָט דער גרינער און שטשופלער יונגערמאנטשיק איינגעע־

טיילט מיין בוזין אַ „שעקעל״, האַלט זי אים איינגעוויקלט צווישן אירע בריוו. ער איז דאָך זייערער אַ קאָרעוו, זעליק. ער שפּילט גוט אפן פידל און נעמט בא איטלעכן אויס.

אף בוזין קוקט ער, ווי אף אַ קליין שוועסטערקינדל. זי האָט נאָך געגייט באַ אַוראָם-בערן דעם ווייבערשן שניידער. זי איז געווען אָן-און פּאַר-זיך אַ בוזיק. בוזיק כאַיטשיקס פון מילכען. האָט ער זי ווארמעס-צייט איינמאָל געכאַפּט, איר געגעבן אַ קניפּ אין בעקל און זאָגט:

— שטיי, איך וועל דיר אָנטון אַ שעקעל אפן האַלדז.

בוזי האָט זיך געגעבן אַ דריי ארויס פון זיינע הענט:

— אַ שעקעל, — זאָגט זי, — איז ניט קיין קאַמייע, און אויב אַ שעקעל איז שוין יאָ אַזאַ נייטיקע זאַך, וועט זי עס באהאַלטן.

— אַ האלב קערבל! — זאָגט ער, און די אויגן שפּילן בא אים אינם שווארצן שטשופּלען פּאָנעם.

— קענסט פּאַרשרייבן אין קוימען! — ענטפערט זי אים, בוזי, אַ פריילעכע, אַ שטיפנדיקע און באהאלט אין איר קעסטעלע דעם שעקעל:

„אַ שעקעל קער זיין ניט אבי וואָס!״

זעליק האָט שוין צעטיילט איבערן שטאָט אסאַך אזעלכע. ווער ס׳איז אַלט מער פון זעכצן יאָר, קיין כילעק ניט — אַ הענדלער, אַ באַל-מעלאָכע, אַ קלייטניק, אַ לערער, אַ קאצעוו אַפילע, — יעדערער דארף זיך באזאָרגן מיט אָט דער קאַמייע.

און דעם גרינעם יונגערמאנטשיק, דעם שויכעטס זון, גלויבן אפילע ניט אַלע, אָבער מע קלייבט זיך צו אים אין שטוב אַריין. אַלע, אַלע קלייבן זיך צו אים אין שטוב אריין, עפּשער איז עס דערפאַר, וואָס דאָרט איז פריילעך און זיי לאָזן אימלעכן אַריין. שאבעס לייענט ער ביכלעך, זעליק דעם שויכעטס, ער לייענט ביכלעך און לערנט די מיידלעך אונטערן שטאָט מאַכן גימנאסטיק (ס׳קומט זיי אויס אפילע פריקרע, די פרומע באלעבאטישע קינדער אונדזערע, וואָס דעם שוי-כעטס זונדל נעמט זיי אזוי ניט געהיט פאַר די הענט העכער די עלנ-בויגנס און ווייזט, ווי אזוי אין דער גרויסער שטאָט מאכט מען גימ-נאַסטיק)...

און אינדערוואָכן? אינדערוואָכן שפּילט ער פידל...

בא די באַלמעלאָכע-אינגלעך באַ אלע האָבן געשטעקט שקאָלים אין די געפּרעסטע שאַבעסדיקע קעשענעס, מ׳האָט זיי געוועזן אריינגעשמוגלט אַזעלכס. אָבער זיי האָבן ניט געגלויבט דער יונגער שויכעטקעס העברע-אישע רעדעס. אַ שיינע איז זי, די יונגע שויכעטקע. ניט קוקנדיק אף איר קורצן וואוקס, וועלכן אנדערע האַלטן אַפילע פאַר אַ מום, האָט זי

דאָך געהאַט אַ שיינעם מעיוכעסדיקן פּאָנעם. אַ פּאָנעם אַן אָפּענעם, ווי אַ לאַנגעכיקע לעוואָנע, נאָר מיט צוויי גרויסע רייכע פלעקן פונויבן פאַר אויגן; און צוויי רויטע געשמאַקע פּאַסיקלעך ערגעץ — פאַר ליפּן.

איז זי, די פרייע שויכעטקע אונדזערע, שטאָל-און-אייזן דערפאַר, אַז די רעדעס דאַרפן זיך פירן דאַווקע אַף העברעאיש! עפשער האָט זי מיט דעם געוואָלט טון עמעצן אַ צעלאָכעס-שטיק? אָבער די באַלמעלאָכע-אינגלעך האָבן זיך ניט נאָר געלאַנגווייליקט, נאָר האָבן זיך אַפילע דער-פילט אומהיימלעך באַ אַזעלכע רעדעס. ניט לאַנג פלעגן זיי זיצן אין דעם אַזויגערופענעם „וואַאַד”, אַזוי איינציקווייס פלעגן זיי זיך אַרויסרוקן מיט די נייע שקאָלים אין די געפּרעסטע קעשענים און זיך גוט אויס-געזעצן אַף דער פריי. איין פּייווקע האָט נאָר געטון קליגער פון אַלעמען — זיין פוס איז דאָרט ניט געווען.

באַ מיר איז אויך געווען אַ שעקעל, איך האָב נאָר פאַרגעסן זיין מאַרע, ווייל איך האָב אים לאַנג ניט געהאַלטן. סע פרעגט זיך אָבער: צו וואָס דאַרף איך איינרייסן מיטן שויכעטס שטוב? וואָס איז? איך האַלט דען ניט פון ציען? פון אַן אייגן לאַנד?

...עפשער האַלט איך יאָ, און עפשער ניט, נאָר אין וואַאַד ווער איך וואָס ווייטער א מער זעלטענער איינגייער.

„ער כאַווערט זיך מיט די שוסטערלעך, ער וויל ווערן באַ זיי אַ ראָש...”

איך הער אזעלכע גרוסן פונדאָרטן, פון וואַאַד. ס׳איז אָבער אַ ליגן. איך וועל ניט ווערן דאָרטן קיין „ראָש”. ווייל איך וועל לעבן, וועל איך אינ-ערגעץ און קיינמאָל ניט זיין קיין ראָש. מיר איז ערשט צוויי און צוואַנציק יאָר, אָבער איך קען שווערן, אַז איך וועל קיינמאָל ניט זיין קיין ראָש. וואו איך וועל ניט זיין און בא וואָס איך וועל ניט אַרבעטן, וועל איך אינערגעץ ניט זיין קיין ראָש! איר לאכט? מ׳זאָל מיך אפילע בינדן און טראָגן אפן הויפּט-פּלאַץ און שרייען „נעמט אים! אָט איז ער!”, וואָלט מיך אויך ניט גערירט. איך האָב ליב איטלעכן, מיר געפעלן אַלע, און איך וועל אפילע באַ קיין קאַרליקעס ניט זיין קיין ראָש.

מיין טאַטן געפעלן אויך ניט מיינע גיינג: איך זיץ באַ שלוימען ריוועס אין זאַל (דאָס איז דער זאַל פון אונדזער ביבליאָטעק) און איך לייען מיט כעווערע אַ בוך פון פערעצן. און מיין טאַטע גייט פונקט אַדורך פאַר די פענצטער, דערזעט ער און קנייטשט מיט די פּלייצעס. ער דערוואַרט קאָם ביז יענע גייען אַוועק און ער שיסט אויס: צי האָב איך אָ קאָפּ אַף די פּלייצעס?... אָדער מיין קאָפּ איז גאָר אָנגעשטאָפּט מיט יענץ, וואָס ס׳איז ניט שיין אויסצוריידן?... וואָס פאַר אַ מעכוטן

בין איך מיט די שוסטערלעך און שניידערלעך? און איך בין דאָך גאָר באַרויגעז מיטן טאַטן!.. אינמיטן-דרינען האָט אים פאַראַרט.

זעט איר שוין, אז בא אונדז זיינען נאָך, כוץ דעם, וואָס מיר לעבן אָן אַ פריסטאוו און אָן אַן אוראַדניק, קיינע רעוואָלוציעס ניט פאָרגעקומען. עפשער וועט זי ערשט פאָרקומען?—

— ביטע, ביטע זייער, מיר וואַרטן! — — — — — — — —

---

פאַראַן באַ אונדז אין שטעטל אַסאַך אמעריקאנקעס. מיר זיינען אויך אַמעריקאנקעס.

וואָס דאָס הייסט?

אַזוי הייסן באַ אונדז די מישפאָכעס, וועמעס טאַטע און מאַן זיינען אין אַמעריקע.

זיי גייען דאָרט אַרום, אונדזערע סלאָוועשנער לייט, אין צילינדרעס און אין דייטשישע קליידער: ווי נאָטע-עסטערס, לעמאָשל, אונדזער מיידלשער מעלאַמעד, אָדער לייבאָ-קאָפּלס, אזוי אַ מעלאַמעד, אָדער עליע דער מאלעך, וועלכער איז אַסאַך יאָרן געווען אַ סאָלדאַט און זיך געשלאָגן מיט יאַפּאָניע. קומענדיק אַהיים, איז ער געווען אַ קנאַפּער שוסטער, און די ווייב מיטן קינד האָבן ניט געהאַט צום עסן... איצט זיינען זיי און אַסאַך אַזוינע שוין פונלאַנג אין אַמעריקע! דאָרט גייען זיי אום אין צילינדרעס און דייטשיש געקליידעט, און דאָ בעטן זייערע ווייבער גאָט פאַר זיי.

מילכאָמע-צייט זיינען באָטל געוואָרן די בריוו, און אויב בריוו—איז נאָר אַף רוסיש. דערנאָך האָבן רוסישע אויך אופגעהערט, געלט — אַוואַדע ניט. האָט זיך באַ אונדז, פונקט ווי אין די איבעריקע שטעטלעך, אויסגעבילדעט אזאַ פאָלק — אַמעריקאַנקעס.

בלייבנדיק ווי אַפּן וואַסער, האָבן אַנדערע געבעטן באַ קרויווים און באַ רייכע באַלעבאַטים, מ׳זאָל זיי אויסלייען, אַנדערע האָבן זיך געלאָזן גיין אין דערפער מיט קליינִיקייטן, און אַנדערע האָבן זיך גאָר אָפּגעלאָזן — זיי האָבן אויסגעשטרעקט די הענט און געבעטלט.

מיר זיינען אויך געווען אַמעריקאַנקעס, דאָס הייסט, בוזים מישפאָכע. און ווי ס׳איז געוואָרן שלעכט, וואָס ערגער קען ניט זיין, האָט די מאַמע אָנגענומען אַ זאַק מיט טעפּ און איז אַוועק קיין בעהון (אַ גרויסער צעוואָרפענער דאָרף — פינף ווערסט פון שטעטל).

די מאַמע האָט דאַווקע אַ מעלאָכע אין האַנט: זי קען מאַכן פאַרוקן. ניט איינמאָל פלעג זי איבערלאָזן אף בוזין די יאַטלעך און אליין איז

זי אַוועק צו לייע־הערשלס. איניינעם האָבן זיי געמאַכט די פּאַרוקן. אָבער פון זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, האָבן זיך אופגע־הערט כאַסענעס: קלעזמאָרים זיינען געוואָרן אָרעמע לייט, סאַרווערס האָבן אַוועקגעלייגט זייערע געציייגן, און אויך אונדזער מאַמע איז געבליבן אָן אַרבעט.

אייך איז קאָשע — פאַרוואָס שוויג איך פון בוזיס טאַטן די גאַנצע צייט? ווייס איך טאַקע ניט פאַרוואָס. צי ווייל איך האָב צייט, צי עפּשער דערפאַר, ווייל איך האָב אַף אים אַ האַרץ: ער איז שוין איצ־טער אין אַמעריקע, נאָר בעאייס ער איז געווען דאָ־הי און איך בין נאָך געגאַנגען אין כיידער, איז ער געווען אַ מעלאַמעד. ער פלעג זייער לערנען מיט די כעוורע „באָלאָק", און יויליקס כיידער איז פאַר מיר שטענדיק געווען אַ שרעק. איז אין האַרצן האָב איך שטענדיק געבעטן איינס פון די ביידע: אָדער איך זאָל שוין ווערן אַ גרויסער, אָדער עס זאָל עפּעס געשען מיט אָט דעם יויליקן.

צי מיין טפילע האָט געהאָלפן צי ניין, ווייס איך ניט, אָבער מיט יויליקן איז בעעמעס עפּעס געשען, — ער איז אַוועק קיין אַמעריקע, אין דעם גאָלדענעם לאַנד, זוכן פּאַרנאָסע. ווי האָט אַמעריקע געווירקט אַף זיינע באָרד און פּייעס און זיין לאַנגן בעגעד? דוכט זיך, אַז אַלץ איז בעשאָלעם, ווייל יויליק איז אַ גרויסער אַקשן. דערנאָך זיינען געווען בריוולעך. בריוו פון וועג, בריוו פון אָרט. זעקס כאַדאָשים דאָ פאַר־בראַכט, זעקס כאַדאָשים דאָרטן, און ער האָט אָנגעהויבן שיקן געלט. בוזי האָט נאָך פון פריער געאַרבעט באַם שניידער, די עלטערע צוויי איינג־לעך פון דרייצן און פופצן יאָר האָבן זיך באַשטעלט אין דערפער פאַר לערערלעך. יאָסעלע איז נאָך אַ קליינינקער, און מיילעך מיט ראָכעלען וועלן באַלד אָנהייבן גיין אין כיידער.

---

אַ גאָלדענע מאמע איז זי, אונדזערע, אָט די כאַיטשיק. זי באָרגט אָן אַ זאַק מיט טעפּ, פאַרוואַרפט דעם זאַק אַף דער פּלייצע און גייט מיט אים קיין בעהון.

שוועד פאַר איר אַזאַ זאַק מיט טעפּ?

— אָ, ניין, — זאָגט זי, — ס׳איז גאָרנישט!

צוויי פּוד וועגט דער זאַק, דריי פּוד וועגט דער זאַק, נאָר ס׳איז גאָרנישט. אפילע הונדערט פּוד איז באַ איר אויך גאָרניט פאַר אירע קינדער. און אַ שטילע איז זי, דו וועסט פון איר קיינמאָל קיין וואָרט ניט הערן. ווי זי וואָלט גאָר קיין אַמעריקאַנקע ניט געווען.

איר זעט דאָך, ס'אַ שטילע זי איז!..

און עפשער נייטיקט זי זיך ניט?.. און עפשער זיינען באַ איר ערגעץ פאַראַן באַהאַלטענע קניפּלעך?.. אָט זעט איר דאָך, די קינדער־לעך גייען באַ איר ארויס שיין און אָפּגעגעסן...

...יאָ, ס'איז טאַקע ריכטיק. די קינדערלעך גייען באַ איר טאַקע אַרויס ריין און אָפּגעגעסן, ס'נעמט זיך דערפון, וואָס כאיטשיק איז אַ שטילע טויבּ, וואָס כאיטשיקס אויג האָט אלץ אין זינען, און ס'איז פאר איר גאָר ניט צו שווער צוליבּ אירע קינדער.

„און דערקוטשען לייטן—וואָלט דאָך געוועז זייער מיעס..."

אין דאָרף גייט זי אוועק זעקס גאַנצפרי, פון דאָרף קומט זי — צוויי באַטאָג. זומער אין די גרעסטע היצן, ווינטער אין די גרעסטע פרעטט. און קומענדיק, לאָזט זי נאָר אַראָפּ דעם זאַק פון די פּלייצעס, האָט זי שוין וואָס צו טון.

קומט איר טאַקע אַריין צו כאַיטשיקן אין שכייניש־ברייטן צימער, טרעפט איר דעם צימער ריין צוגעקליבן, די קינדערלעך עסן אף אַ רייי־נעם לייוונטענעם טישטעך, יעדערער אין זיין שיסעלע, א לעפל אָפּ־געקאָכטן געשמאַקן זופּ. ברויט, ניט פארזינדיקן, ליגט אפן טיש, און קינדערלעך זיינען צופרידן.

שפּעט באַנאַכט זעט איר. אַז באַ כאיטשיקן אין צימער לייכט זיך נאָך. דאָס זיצט כאיטשיק אין אַ שטילן פאַרשלאָסענעם צימער; יעדעס יאַטל באַזונדער, הערט זי, ווי עס שלאָפט; פאַר יעדן איז באַ איר דאָ א באַ־זונדער וואַרעמקייט אין האַרצן, און זי פאַריכט צו דעם די הייזעלעך, דער דאָס קליידעלע, און וועמען — אַ זאָק; מאָרגן וועלן קינדערלעך אָנטון, וועלן זיי אַרויסגיין גאַנץ. און איצטער מעגט איר זיין זיכער... אַז זי שמועסט אין געדאַנק מיט איר יוּליקן, וועלכער איז פון איר אַזוי ווייט פארשוואומען, און זי שמייכלט שטיל צו אים אין געדאנק, וואָס זי וועט אבי־ווי־אַזוי זיך איבערדרייען די שלעצטע צייט, און אים וועט אויך זיין גוט אפן הארצן, וואָס די קינדער זיינען באַ איר אזוי אָפּגעהיט, וואָס זי איז צו קיינעם ניט אזוי אומגעלאָפּן לייען, פאַר קיי'נעם דעם פּאָנעם ניט געשווארצט און קיינעם גאָרניט ניט צוגעזאָגט — אַפילע אירע אייגענע ברידער אין רוסלאַנד שרייבט זי און פאַרזיכערט, אז „ניט פאַרזינדיקן", אז „די קינדער זיינען באַ איר אָנאַנהאָרע זאַט".

אַ שטילע טויבּ איז זי, אונדזער מאמע. מ'הערט פון איר קיין וואָרט ניט זי זאָל זיך פאר וואָס קלאָגן.

און איצט האָט זי שוין נאָך אַ קינד—מיך, איך בין איר בוזיס מאַן. איצט איז שוין בוזי ניט באַ איר אין שטוב אפילע. און איצט קען

זי אלעמאָל אריין געוואוירע ווערן, וואָס איר כאַסענע־געהאַטע טאָכ־טער טוט, איר בוזי.

און די מאמע האָט מיך ליב. און דער מאמען בין איך געפעלן, ווי אן אייגן קינד. איצט איז איר שוין אף האַלב גרינגער, נאָר זי איז סייווי אַ שטילע, שמייכלט שטיל, און מע ווייסט ניט, פרעמדע ווייסן ניט, צי זי איז מיין בוזילען אַ מאמע, און עפשער גאָר אַ שוועסטער. אַזאַ יונגע איז זי, אַ יונגע און אַ מילדע.

...ערשט איינמאָל, ווען מיר זיצן זיך און פאַרברייינגען אַזוי ליבלעך, צעלאַכט זיך אונדזער מאמע, צעלאַכט זיך בוזי און סע צעלאַכן זיך אַלע קינדער, און זיי נעמען מיר ארויס אן אַלט קאַרטל יויליקס, פון ווען בריוו האָבן זיך נאָך באקומען, צי פון ווען מ׳האָט געמוזט שרייבן די בריוו אף רוסיש (און א רוס איז ער דאך געווען פון די ערשטע), שרייבט ער:

„Шукай для Брошки добрый хлопчик, я ему даю триста руб“.

יאָ, אונדז איז אלעמען זייער גרינג און זייער פריילעך אפן הארצן.

איך בין גרייט אף פליגלען זיך לאָזן און זיך פאָרשטעלן פאַר אים:

איך בין ניט קיין כלאָפּטשיק, איך בין שוין אַ גרויסער, מיר איז צוויי און צוואַנציק יאָר. און איך בין בוזיס, אייער בוזיס מאן. 300 רובל ווילט איר מיר געבן? ניין, מע דאַרף ניט! איך ארבעט, איך פאַרדין. אָט ווייסט איר וואָס? איך וואָלט אייך גאָר געקויפט אַ גאָלדענעם זייגער! איך אַרבעט, איך פארדין, פאר איינע צוויי כאַדאָשים, פאַר צוויי צי פאר דריי, קען איך אָנקלייבן און אייך קויפן אַ גאָלדענעם זייגער. אייך קומט!.. איך בין דאָך בוזיס מאן!

יאָ, איך וואָלט נאָך מעגן פליען אהין צוליבדעם, איך זאָל ברייינגען אונדזער מאַמען א גוטן, אַ לעבעדיקן גרוס פון אים.

אָבער נישקאָשע! ס׳לייטערן זיך שוין די הימלען! ס׳וועלן זיך אָנ־הייבן גיין בריוו פון אמעריקע און צוריק, און איך וועל אים אָנשרייבן. איך וועל אים אָנשרייבן: „מאזלטאָוו אייך, שווער!“

— — — — — — — — — — — — — — —

קען דאָס זיין, אז די מאמע האָט באהאלטן ווייז פון בוזיס כאסענע? לעקעך און ווייז האָט זי באַהאַלטן פון יויליקס־וועגן?

יאָ. קיינער ווייסט ניט, נאָר זי האָט באַהאַלטן. אַז מע וועט דער־לעבן זיך זען איניינעם, וועט זי דאָס אַרויסנעמען פון גרויסן פאָליטורטן שלעבאָן און גיין מיט דעם אים אַנקעגן.

אָבער ס׳איז אָלרייט, סע לייטערן זיך, סע לייטערן זיך שוין די הימלען!

# IV. בא מיין טאטן אין שטוב

כ׳וואָלט אייך איצטער אריינפירן צו מיין טאַטן אין שטוב אריין. כאָטש אף קיין גוטער באגעגעניש האָבן מיר זיך ניט וואָס צו ריכטן. דאָס מינדסטע, וואָס קען זיין, איז אַ בורטשע, אַ בייזער פרעגנדיקער בליק, וואָס זאָל באַטייטן: „וואָס טראָגט אים דער שווארצער יאָר אַהער?״, „אים איז נאָך ווינציק, וויל ער דאָס האַרץ זאָל מיר צעפוקעט ווערן״.

יאָ, יאָ. אָבער כוצדעם איז ער אַ איד אַ שיינער, אַ שטאַלטנער, באַ אים איז אַ ברוינער פּאָנעם מיט ריכטיקע שטריכן און אַ פירעקנדיקע שוואַרצע באָרד. זעלטן-ווען ער טוט אָן זומער-צייט אַ רעקל אף זיך, אָדער אַן אויבערשט, סיידן ער דארף נאָך עפּעס גיין אין שטעטל אריין (אונדזער שטוב מיטן זאַוואָד שטייען אין עק שטאָט). אַז ניט, איז ער גאַנצע טעג אין זיין זשילעט, אין די ראַבאָטשע הייזן אין די פּאַרקאַטשעטע ארבל, פונוואנען סע זעען זיך ארויס זיינע שיין-מאנסבלשע, גענוג געזונטע, פאַראַרבעטע הענט — זיינע הענט, פון דער פארגעלטער, פון ארבעט פאַרהאַרטעוועטער דלאָניע ביז אריבער די עלנבויגנס... א שיינער טאַטע בא מיר. ער האָרעוועט. אלע זיינע יאָרן, אַז ער ארבעט. פאַר דערפאַר, און נאָך פאַר זיין ברוינעם, ציכטיקן פּאָנעם מיט דער פירעקנדיקער שוואַרצער באָרד—האָב איך אים ליב...

אין שטוב איז איצטער גרויס די מיכיע. ס׳איז זומער-לעבן.

באַ מיין טאטן האָבן זיך די לעצטע יאָרן פּאַרפלאָדעט עטלעכע רובל.

דער טאַטע האָט זיי קיינמאָל ניט געציילט. ער זעט נאָר, אז ער איז קיינעם ניט שולדיק, און אין דער סכוירע איז, אָנאַנהאָרע מאזל און בראָכע—סע קומט צו. נו, אויב אַזוי, פאַרגינט ער זיך אַ פערד א יונגן האַלטן, צו דער מאשין צום דוב קלאַפּן, אַ „סטאָרובליאָוון״, ווי מע זאָגט. וואָס נאָך פאַרגינט זיך דער טאַטע? ארויסמאָנען בא די באַלעבאָסטעס שאַבעס-צייט אַ פעטן קוגל, און אויך זשאלעוועט ער ניט געבן אַ גוטן-ברודער אַן אָפּטן גמילעס-כעסעד.

ווייטער קיין איבעריקע זאַכן פֿאַרגינט ער זיך ניט, מיין טאַטע. די קינדער גייען באַ אים ניט אָפּגעריסן, אָבער אויך ניט גאָר אָנגעטון. און זומער קאַטשען זיך באַ אים אַלץ ניט אַראָפּ די אַרבל. ער אַרבעט. ער טריקנט קאָרע, ער פֿאַלצט אליין די סכוירע, ער העלפֿט אָפּגעבן אַ זאַפֿאַר. — — —

— לייב, גיי עסן!

— לייב, גיי טרינקען!

טשעפּעט אים ניט. ער איז פֿאַרנומען! און זייער אָפֿט קאָן באַ אים אָפּשטייען די אינדערפֿריענדיקע גלאָז טיי און ווארטן אַ קאַלטע אַפֿן טיש ביז 1—12 באַטאָג. אָבער מיין טאַטע ווערט, כאָלילע, ניט שלאַפֿער פֿון דעם, אַבי אים איז גוט אַפֿן האַרצן און אַבי דאָרטן טוט זיך אַלץ אין דער צייט... אַלץ האָט באַ אים אַ לעבעדיקן אָטעם: די יוכטן, די קאָרע, דאָס דזשעגעכץ, דער טראָן. ער זעט, מ׳זאָל ניט פֿאַקאַרגן די ביטן קיין דוב: „מע נאַרט ניט אָפּ זיי—מע נאַרט אָפּ זיך״. ער ווייסט, אַז די פֿעל האָבן קאַלעך געגוג, „זיי זיינען זאַט״. אַלץ ווייסט ער, און אין וועלכער סטאַדיע די פֿעל זאָלן ניט זיין, פֿילט ער זיי, ווי לעבעדיקע. ער ווייסט, לעמאָשל, אויך, אַז איך בין אַ שויטע און מיט אַ פֿארשטאָפּטן קאָפּ, אָבער מיר גיט ער אָפּ אסאך ווינציקער אופֿמערקזאַמקייט, ווי אַ לעוו-קאָוויטשן פֿריען בינטל קאָרע (אין לעווקאָוויטש רייסט זיך זייער גוטע קאָרע, הוילער צימרינג). אסאך ווינציקער אופֿמערקזאַמקייט, ווי גוט-אויסגעטריבענעם דזשעגעכץ—אָ, אַסאך ווינציקער! כאָטש צאָרעס האָט ער פֿון מיר אסאך: לעמאַי ליגט מיר מיין קאָפּ אין דער ערד, אין דער-שווארץ-יאָר-ווייסט-וואָס, און כוץ צאָרעס האָט ער פֿון מיר טאַקע גאָרניט.

מיין טאַטע האָט פֿון מיינעטוועגן אַ גאַנצן צעטל מיס כאַראָטע-לי-דער: ער האָט מיך ניט געדאַרפֿט לערנען, ער האָט ניט גערדארפֿט צאָלן דעם מעלאמעד געלט פֿאר מיר.

— אַז מע האָט א נארישן זון, — זאָגט ער, — איז אויב ער קען זינגען, ווייסט מען אין דער אַנדערער שטוב, אַז ער איז אַ נאַר, אויב ער קען שפּילן, ווייסט מען אין דער אנדערער גאַס... און אויב ער קען שרייבן, ווייסט מען אין דער צענטער שטאָט, אז ער איז א נאר!...

(ער זאָגט, אַז די כאָכמע איז אפֿילע ניט זיינע קיין אייגענע, ער האָט זי פֿון עמעצן געהערט, אָבער אַ גראַם איז דאָס א גוטער).

אַדאַיעם ווייס איך ניט, וואָס מיין טאַטן אַרט — צי וואָס מע ווייס אין דער אַנדער׳ער שטאָט, אז איך בין א נאַר, צי וואָס איך לייג זיך ניט צו מיט קאָפּ און לייב צום זאוואָד. איך לעב ניט מיט די נויטן פֿון זאוואָד:

„א זאוואָד האָט ליב, מע זאָל זיך צו אים אָפּגעבן...“

...זיינען מיר, הייסט עס, צו גאַסט לעם דעם טאַטנס שטוב. זעט איר, ווי סע לעבט באַ אונדז דער הויף: פונפאָרנט טריקנט זיך זדי-ביצע צום הייצן (אונדזער שטוב מאכט עקאָנאָמיע), ווייטער-צו טריקנט זיך קאָרע פרישע, ערשט געקויפטע צום קלאַפּן און צום פארגרייטן אף ווינטער; אף די רעשטאָוואניעס היינגען יוכטן, ארבעטער גייען ארום ארום זיי און קערן זיי איבער; פון שאָפּע הערט זיך אלעמאָל אַ טאָפּקען אף איין אָרט, א טאָפּקען איינס נאָך איינס מיט א סקריפּ, וואָס כאַ-זערט זיך איבער די גאַנצע צייט, נאָך איינער און דערזעלבער האפסאָקע: דאָס קלאַפּט מען באַ אונדז דוב. פון קעסל גייט אַ רויך — מע גיט אָפּ זאָפּאַר. דער זשוראוועל אפן ברונעם הייבט זיך און לאָזט זיך אַראָפּ אויך מיט א זעמערל, און די וואסער לויפט, לויפט באַרג-אַראָפּ, איבער דער לאַנגער קאָרעטע, ווי דערשראָקן פון דער פלוצימדיקער הימל-שיין, אָבער איידער עפּעס פארלויפט זי גלייך צוריק אין דער טונקלקייט—צום קעסל אין בויך אריין.

אין זאוואָד גופע ארבעטן צוויי אינגלעך, דער טאַטע — אַ דריטער. אָבער גאָרנישט שטייט ניט אף איין אָרט: די ביטן טרייבן זיך דריי מאָל א טאָג, די זאָלעס לייגן זיך איבער אלע טאָג; דאָ פאַגעוועט מען אף לאָזן אין דוב אריין, דאָ בלאקירט מען און מע קאָנטשעט ארויס סכוירע. פארטיעס מיט פארטיעס באגעגענען זיך, אמאָל אין טרוקענעם ווערקשטאַט, אמאָל אין נאַסן. אָבער זייער ניט אף לאנג. די זיינען פון ביידער ארויס, גייען די צווייטע אהין אריין. און מיט יעדער פעל באַ-זונדער לערנט מען אָפּ די סעדרע פון אָנהייב ביזן סאָף: מע פארפעלט ניט, מע פארגעסט ניט, אזוי פיל מאָל מיטן טופּאק, אזוי פיל מאָל מיט דער קאָסע, מיטן פאלדז, און ערשט אפן טיש צענעמט מען זיי די בייג-דעלעך מיטן קעפּל און בלאטיר-אייזן.

— גאָטס ניסלעך — זאָגט אונדזער שכיינע, — איז ניט איבער צו קנאַקן: מע נעמט אריין אַ רויע, טרוקענע פעל און מע מושטירט זי אזוי לאנג, ביז זי טויג אף גוטן ווייכן שוכווארג!..

און אז איר ווילט, טוט זיך עס דאָ באַ מיין טאַטן אפן זאַוואָד.

פּייוּוקע מיט רואוועגען הענעפן אסאך, און סאָפּקאָלסאָף ווייס איך ניט, וויפל פּאָר שטיוול נייען זיך אויס פון מיין טאַטנס יעדער-יאָריקן אומזאַץ.

אַ נאַסער און טרוקענער ווערקשטאַט מיט ביטן, מיט זאָלעס, מיט ווייקן און אלץ מיט אנאנדער. דערנאָך דאָס הייזל מיטן קעסל, דערנאָך אַ לאַנגער שמאָלער הויף, מיט אַ ברונעם באַ איין זייט און שאָפּעס באַ

דער אנדערער זייט. גאָר רעכטס — אַ גאָרטן, און אַנקעגן, אין אַ באַ־זונדער הייפל פון שטאַכעטן, די שטוב.

אין שטוב איז שוין גאָר אַן אַנדער געמיט. פיר־פינף צימערן (אָ, איך קען זיי גוט, אונדזערע צימערן. ניט איין קלאָץ און ניט איין ברעט האָב איך געהאָלפן דעם טאַטן שלעפּן. מיין טאַטע האָט זייער ליב בויען. אליין ארבעט ער מיט דער האק, מיטן הובל, מיטן עקבער, און באַם זעגן העלף איך אים צו. שוין בא גאָר אַן ערנסטער אונטערנעמונג רופט מיין טאַטע אַ ספּעציעלן מאיסטער. און אזוי איז אומעטום אליין. שטענדיק האלט ער אין איין בויען, צובויען, איבערוואַרפן און איבערראַנזייס בויען). יאָ, איך קען זיי, אונדזערע צימערן.

אינדערפרי, ווען איך גיי מיט אייך צו אונדז אין שטוב, וואָלטן מיר טרעפן איין שוועסטער בא באַלעבאַטישקייט, די אנדערע אין קיך. די מאמע קויפט איין וואָס מע דאַרף, זי קומט צו גיין, העלפט זי אויך צו, און די קלענערע צוויי קינדער שפּילן זיך...

באַטאָג אָבער אָדער פארנאכטלעך וועלן היינט באַ אונדז טרינקען טיי די פעטריקאָווער סאָכרים. יאַטן מיט גאָלדענע זייגערס — די טשעטשיקעס.

דוכט זיך, גאָר ניט אַזוינע בעריעס—און קויפן גרויסע הורטן סכוירע. זיי קויפן גרייטע, פאַרטיקע; זיי קויפן פון די ביטן אף אין דריי—פיר וואָכן ארום; זיי קויפן אוף אין אכט וואָכן ארום; וועלכע נאָר איר ווילט אליין קויפן זיי, און מיט א גוטן אדרוף. איצט טרינקען זיי בא אונדז טיי אין דער קלענערער סטאָלאָווע. דער „געלער גאַזלען" שטייט אפן טיש און ברומט, כאָטש גאָר אָן קאַס. די סאָכרים מיט די גאָלדענע זייגערס זיצן, ווי צו טנאָים. די עלטערע שוועסטער אין א ריינער קליידל, מיט וועלכער זי גייט ארויס אין גאַס, טראָגט אָנגעלאָדן אַ שאָל מיט וויינשל־איינגעמאכטס, די מאמע גיט געבעקס צום טיש, און די קלענערע קינדער לויפן דורך פארשוויצטע, אָפּגעברענטע, כאפּן א קוק און פליען ווייטער אוועק—ניטאָ זיי.

יאָסעלע מיט ראָכעלען שפּילן זיך אויך דאָ.

— דאָס זיינען אונדזערע מעכוטאָנים! — בארימט זיך די מאמע. — אונזער מעכוטענעסטעס קינדער... מיר האָבן אָנאנהאָרע אונדזער עלטערן זון אויסגעגעבן!

דאָ ווערט דער טאטע אביסל ניט צופרידן — זי האָט אים אָנגערירט זיין שאלווע. אָבער פלוצים קומט אף אים אָן אַ גוטע שאָ און ער הייבט זיך אָן בארימען פאר פרעמדע מענטשן מיט זיין שנור. אַפּן זון האָט זיך אויך עפּעס אופגעזוכט אַ גוט וואָרט. און די מאמע דאַרף דאָס

פונקט הערן. די מאמע גייט דאָך אויס כאָטשבי נאָך איין זאָלאָטניק שאָלעם. און זי שיקט גלייך אַ שטאַפעט נאָך אייזיקן.

זאָל שוין ראָכעלע מיט הינדען, אָדער יאָסעלע מיט הערשלען לויפן אַ רוף טון אייזיקן מיט בוזין, אָבער שוין!

דאָ האָט שוין דער טאטע די פולע רעכט ווערן אין קאַס און איר טאקע ארײנפאלן אין די רייד:

— ווייטער אמאָל?...

„אָבער פון איר איז ניט אויסצוהאלטן!".

„זי אליין איז שולדיק. אליין מיט איר אייגענע הענט פירט זי איבער די קינדער".

אָבער די מאמע הערט ניט אויף אָנזאָגן. זי ווייסט, זי האָט געכאפט אַ גוטע שאָ, אַ גוטע רעגע. זי האָט דערפילט — דער טאַטע איז איצט אופגעלייגט.

— זאָל ער אוועקלייגן אלע ארבעטן, — שרייט זי ארויס צו די קינדער דורך דעם זומערדיק-אָפענעם פענצטער. — קינדער, קינדער! — רופט זי נאָך, — זאָל ער אוועקלייגן אלע ארבעטן! ס'אַ נייטיקע זאך! ס'ווארטן אף אים פרעמדע מענטשן!

דער טאַטע האלט דאָס פאַר נערוונע שטיק. און מע לאָדט זיך פאר די פעטריקאָווער סאָכרים איבער דעם זון. אָבער די מאמע זעט, אַז דאָס לאָדעניש זאָל גיין אין גוטן מוט. און זי פירט עס אזוי אויס:

„פרעמדע מענטשן זיינען דאָ, פארוואָס זאָלן מיינע קינדער ניט זיצן דאָ, זיך באקאנען מיט לייטן?"

און נאָכאמאָל דאָס אייגענע:

„וואָס איז, כאָלילע? ניט פאַרשטערט זאָלן זיי אונדז ווערן".

אינדרויסן איז אַ ליבער זומער. ארום און ארום איז פול מיט שעפע.

די עלטערע שוועסטער זיצט מאַיסע-מענטש באם טיש, הערט אלץ אויס און שווייגט. זי וואָלט אָבער זייער וועלן, דער ברודער זאָל זיך אראָפכאפן. מע איז שוין אזוי לאנג ניט געזעסן איניינעם. אזוי זיך בא אַ רואיק גלעזל טיי.

פייווקע איז אַרײנגעלאָפן אין קיך ארײן טון אַ טרונק וואסער. אים איז געוואָרן מאָדנע פונם טיש טיי מיט די צוויי סאָכרים. ס'שטופט אים זייער צום לאכן פון זיי: איינער אַ לאנגער, אַ דינער, מיט אַ צאַפענעם פאָנעם, און דער צווייטער אַ קורצינקער, אַן אָנגעבלאָזענער, מיט קעצענע וואָנסעלעך.

— רעב לייב! — איז ער אַריין מיט זיין ליטוויש לאָשן, — דער קעסל איז סיים פארזאָדן, מירן גיין אראָפגיסן? האַ?

דער טאַטע איז שוין גרייט זיך אופהייבן גיין. אַ פּולע? דער קעסל איז דאָך פאַרזאָדן!

אָבער די מאמע מיט דער שוועסטער ווען דאָס ניט דערלאָזן:

— אַ מאָשל אַביסל, זאָל דאָרט רואוון אוועקלייגן דאָס בלאקירן און העלפן אַראָפּגיסן דעם קעסל, מ׳זיצט דאָך מיט מענטשן!

— רואוון, פון מיינעטוועגן זאָל זיין אפילע סמואוון, — מאכט פייווקע מיט זיין ליטווישן, געזונט-באָכערישן, אף-צעקלוימערשטן גלייכגילט.

און דער טאַטע באַמבלט צו (טאַקע געפונען אַן אויסוועג):

— יאָ, יאָ, זאָל רואוון דאָרט, נו, יאָ!...

---

## V. אַ ביסל פון אונדזערע הארבאַרניס און זייערע שכייגים

אַנדערע זאָגן, אַז מיט סלאָוועשנע ענדיקט זיך שוין די וועלט, ס'איז אָבער אַ גרויסער ליגן. פון וועלכן עק שטאָט ס'זאָל נים זיין, ווען מיר פאָרן אָפּ אַ 60 — 50 ווערסט, טרעפן מיר אַ באַן. און מיטן באַן איז דאָך שוין פריי די וועלט. כאָטשבי פון איין יאם ביזן אַנדערן.

גלויבט איר שוין, אַז אונדזער שטעטל האָט, ווי אַלע אַנדערע שטעט, „אויסוועגן אין אַלע פיר זייטן" *). אויב אַזוי, וועט מיר זיין גרינגער אויסמאָלן אַלע אונדזערע גרענעצן נאָך די הארבאַרניס נאָך. ס'איז דען דאָ אויף דער וועלט עפּעס בילכערס פון הארבאַרניס? אָדער טייכלדי־קערס? ס'איז דאָך אונדזער כאיונע (אַ צייט האָט מען מיר אין ביידער געגעסן דאָס הארץ, אַז מיר עסן קוגל פון דזשעגעכץ און פּעטשע און טשאָלנט — פון קאלך מיט רויער פעל. די עלטערע אינגלעך פלעגן מיר אָפּעסן דאָס הארץ, ביז איך האָב זיך נעבעך דערוואוסט, אַז טאַקע עסן מיר קוגלען פון דזשעגעכץ, אַזוי ווי די קרעמערס עסן קוגלען פון ווייַ־סער לייַם מיט גאזע, די שוסטער — פון סטאַריזשנע און די טעפּער — פון נאסער גרויער לייַם).

· יאָ, ס'איז אונדזער כאיונע.

## דעם טאַטנס הארבאַרני

איז אָנהייבן הייב איך אָן פון דעם טאַטנס הארבאַרני, וואו איך בין אויסגעוואָקסן און וואוהין איך האָב געפירט מיינע כיידער־אינגלעך — אַלע פרייטיק נאָכן לערנען — זיי זאָלן זען די מאשין, ווי מע קלאַפּט דוב, זיי זאָלן זיך דורכפאָרן אביסל און זיך היטן, ניט אויסדרייען זיך קיין פוס.

*) פון ד. האָפּשטיינען.

דעם טאַטנס האַרבאַרני שטייט אין איין עק שטאָט, וועלכן מיר וועלן דאָ אָנרופן צאַפּן. פון אונדזער זייט קען מען פאָרן קיין ליסטוועז, קיין טשערעווקי, קיין וועלעדניק, קיין לוהין און פונדאַרטן מיטן באַן ביז עק וועלט.

רעכטס פון אונדזער גאָרטן שטייט מאַרקאָ לוכטאַנס פלויט מיט די ווײַנשל־ביימלעך. ווער קען דאָס ניט מאַרקען דעם ליגנער, דעם ציגײַ־נער, דעם קאַבצאַניוק? אָבער ער האָט ליב אידן. דרײַ ברידער זײַנען זיי: מאַקסים, טימוך און מאַרקאָ. אַלע דרײַ שוין כאַסענע־געהאַטע, אַלע דרײַ קאַבצאָנים. מאַקסים איז דער יונגסטער. אַ נידעריקער, אַ ברייטבייניקער. אַ פּאָנעם האָט ער פון אַ בייזן ראָשע. מאַרקאָ לאַכט אים שטענדיק גוט־ברודעריש אין פּאָנעם אַריין, ער דרייט די ליולקע און לאַכט:

— נו, וואָס אַרט דיך די קליינע אידעלעך? נו, וועלן זיי אָפּרייסן אַ ווײַנשל.

מע קען דערקענען אַף מאַרקען, אַז ער כאַפּט ניט. ער פאַרגינט אַ אידיש קינד זאָל שאַבעס כאַפּן אַן אוויירע און אָפּרייסן אַ ווײַנשל. און אויב אַ קינד אַ אידישס טרייבט די גענדז אַף דער פּאַשע דורך דעם געסעלע צווישן אונדזער גאָרטן און מאַרקעס ווײַנשל־ביימלעך, זאָגט ער, מאַרקאָ:

— אַדראַבע. ער פאַרגינט זיי אַ ווײַנשל, אַבי זיי זאָלן ניט ברעכן די צווייגן.

דוכט זיך, אַז ער כאַפּט ניט. ער זאָגט אַן עמעס, מאַרקאָ. מאַקסים אָבער קוקט מיט זײַנע קליינע ראָשעדיקע אויגן פון זײַן ווייס־באַוואָק־סענעם פּאָנעם, מעגן זיי אים דאַווקע אַרויס: ס׳איז אַ סוואָרע, אַז מאַקסים האָט אַ נאַטור אָנשלאָגן, אָדער איבערשרעקן אַ אידיש קינד אַף דער שיניצע צווישן די ביימלעך (יענץ פּאַסעט די גענדז אָדער ס׳שניידט ריטער אף בעזעמער).

און טימוך איז גאָר אַ מעזעג־טאָוו! אָ, דאָס איז מיר אַ שייגעץ! ער איז הויך, ווי אַ סאָסנע. אַף דער מילכאָמע האָט ער געהאַט אַ גוטן פערד. און ס׳אַ שיינקייט ער קען אַרומגיין אַרום אַ פערד! דעם טאַטנס פערד, דער סטאָרובליאָוועך, האָט ניט ליב, ווען מ׳רייסט אים די באָרלעך פון אונטערן בויך, אָבער טימוך, אַז ער גייט צו מיט זײַן אויסגעניייטער העמד, מיט דעם ברייטן רויטן גאַרטל אַף די בלויע הויזן און מיט זײַן גאַנצער גרייסער הייך, טוליעט ער זיך צו, דער פערד, צו אַ וואַנט, נעמט צונויף די פיס אונטער זיך, ווי פיר קאָסע שטעקלעך, און שטייט אַף די שפּיץ פינגער, כאָטש מעלק אים אויס.

— טימוך איז א מעכיערע זאַך, — זאָגן אונדזערע ווייבער.

און ס'איז טאַקע אַ סוואָרע, אז ער זאָל אַוועק צו אונדז אין מי-ליציע פאַר אַ מיליציאָנער.

דער עלטסטער פון אַלע, וועלכער האָט שוין אַפילע די אַנדערע ווייב מיט צוויי קינדער, איז מאַרקאָ. מאַרקאָ קען לייענען און זיך אונטערשרייבן; מאַרקאָ קען טרינקען און קען דערציילן אַסאַך ליגונים — אַזוי זיך, שטייענדיק צווישן אַ רעדל „כאַזיאַיעגעס״ זונטיק אין מארק. ער ווייסט אַפילע, אַז זיי האַלטן פון אים ווינציק, די „כאַזיאַיעגעס״. זיי איז אַ געלעכטער פון זיין קאַבצאָנישן ציגיינערישן הויף. דאָך הערן זיי אים פונדערגרינג, און ער, פון זיין זייט, מאַכט זיך ניט ווּיסנדיק לעפּאָנעם פון דאָס, וואָס ער ווייסט...

מאַרקאָ האָט זיך שוין אויך געשלאָגן מיט די דייטשן. און דאָ אַנומלטן האָט אונדזער מאמע דערזעען פּרייטיק פאַרנאַכט — פאַרנאַכט, פאַר ליכט-בענטשן, ווען די קינדער האָבן זיך שוין געוואשן, אַז אַ מענטש גייט. אַ מענטש אין סאָלדאטסקע אָנטון.

— אוי, ס'איז דאָך מארקאָ! — האָט די מאמע אויסגעשריגן, — מאַרקאָ גייט אַהיים פון דער מילכאָמע! — און ס'איז טאקע געווען אַן עמעס. מארקאָ איז טאַקע געגאַנגען נאָר-וואָס פון דער מילכאָמע, אַ פארשטויבטער, מיט אלע סאָלדאַטסקע טאָרבעלעך אַף די פּלייצעס, און אין בוזים האָט ער געהאט אין אַ פּאַפּירל צונויפגעקלעפּטע צוקערקעס. דאָס טראָגט ער פאַר די קינדער אַהיים אַ מאַטאָנע. ער וויל אפילע אַרויסנעמען אונדזערע קינדער צו צוקערקעס, אָבער די מאמע זאָגט, אז מ'דארף ניט, מ'דארף ניט! און זי טראָגט אים ארויס צוויי ווארעמע קיכ-לעך, מיט צימערינג אינעווייניק, פרישע, פוכקע און ווארעמע צוויי קיכלעך.

פרייטיק פאַרנאַכט. די ברייטע הויז-טיר אונדזערע איז אָפן און די קינדער צוואָגן זיך „לעקאָוועד-שאַבעס״. אין שטוב אינעווייניק זיינען די פּאָלן פריש אויסגעוואשן, דער טיש ריין געדעקט, אָט אין אַ שאָ אַרום זעצט זיך די זון אין מאַרקעס ביימער, און באַ מיין מאמען אין שטוב ווערט, איינגאנצן און מיטאַמאָל, שאַבעס. הינדע, די קלענסטע פון די מיידלעך באַ אונדז אין שטוב, איז אפן אידישן אויפן אוועקגעלאָפן אָנזאָגן אוליאנען, אז מארקאָ איז געקומען. און געקושט האָבן זיי זיך שוין, מארקאָ מיט אוליאַנען, באַ זיי אפן גאָרטן, ניט ווייט פון די וויינשל-ביימלעך, זיך געקושט שטיל, און זי האָט געווישט די אויגן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

רעכטס פון אונדזער גאָרטן זיינען די לוכטאַנס וויינשל-ביימער. ארום אונדז האָבן זיך ארומגעבויט נאָך אַ צוויי אידישע און פויערשע

הייזלעך, נאָר מיר זיצן שוין אין סאמע שיניצע (די שיניצע איז ווי אַ רייף אַרום דעם גאַנצן שטעטל, אַ רייף פון יונגן בערעזעווון וועלדל: פון דריי זייטן שטאָט ברעמען זיי ארום, די בערעזקעס, יעדער שליאך און שטעגעלע. דאָרטן פיטערן זיך זומער די שטעטלשע פי, די געגנדז און די כאַזיירים; אַהין כאפט מען זיך אויך אראָפּ אַף אַ שפּאַציר). פון יענער זייט שיניצע, ארום און ארום שטאָט, הייבט זיך אָן פעלד און וואלד, און אף יעדער צוויי-דריי ווערסט וואקסן זיך ווי געוויינלעך דערפלעך.

(פון יאנקל לעדערמאנס הארבארני — פוגאטשאָווס — האָב איך דאָך שוין דערציילט, זי שטייט אף אַ גאָרטן ניט ווייט פון דעם טאַטנס נאַכלע.)

---

## זיידלס הארבארני

אין ווינקל פון צאָפן צו מאַירעוו זיצט זיידלס הארבארני. פון אונדז איז מיט דער האנט צו דערלאנגען. אויך אַ הארבארני, מיט אַ שטוב און מיט אַ ברונעם; מיט שאָפּעס, מיט שטאַלן און מיט אַ הויף; מיט איין וואָרט — אַ איד אַ באלעבאָס. די שטאָט ליובט אים פאַר זיין פליי-סיקער פארהאָרעוועטקייט, כאָטש דיזעלבע שטאָט מאכט פון אים אַ טעל, פון זיידלען, פאר זיין מעגושעמדיקייט, פארוואָס ער איז אין זיין האָרעוואניע און אין זיין באלעגופישקייט מערער ענלעך אַף אַ גוי, ווי אַף אַ אידן. מיילע, זאָל זיך די שטאָט ריידן, וואָס זי וויל, אָבער אונדז געפעלט ער. זיי זיינען געזונטע הארבארעס, ער מיט זיינע זין, און אונדז פון הארבארני שמעקט בעסער, ווי עמעצן פון גוטער שמע-קעדיקער זייף. אנומלטן, אָט דאָ ניט לאנג איז דאָך עס געווען, איז ער געווען געקומען צו מיר אף דער כאסענע, מיט זיינע צוויי זין, מיט דער ווייב און מיטן הונט. דער לעצטער, קען מען זאָגן, איז געווען אינגאנצן אומגעבעטן, און כוצדעם, האָבן די אידן, די מעכוטאָנים און מעכוטענעסטעס, זיך געהאלטן אין איין שרעקן פארן הונט. פאר דער-פאר אָבער האָבן יאָסעלע מיט הערשעלען געטראָפן מיטן הונט, ווי אין טאָג ארײַן. זיי האָבן זיך באקאנט מיט אים, אים גערופן באם נאָמען, מיט אים אומגעלאָפן, געגעבן אים עסן, און זיי וואָלטן געווען האָבן ארבעט ביז טאָג, ווען ניט דער אופּטו נאָכן קיבעד (ווען דער אוילעם איז אוועק טאַנצן). אייגנטלעך, האָבן זיי גאָר אזעלעכס ניט אופגעטון. זיי זיינען נאָר אין ליידיקן עסצימער ארומגעגאַנגען ארום און ארום די

כאַסענע-טישן און האָבן געקערט אין מויל אריין די ניט-דערטרונקענע גלעזלעך... זיידלס הונט איז, פארשטייט זיך, אויך נאָכגעלאָפן נאָך זיי, אים האָט אָבער גאָרניט געשאַדט. און די יאַטלעך, נעבעך,ביידע שוואַר-צינקע און קליינינקע, האָבן די נאכט געבראָכן מיט דער גרינער גאַל, און ערשט צום סאָף זיינען זיי אנשלאָפן געוואָרן אין די זאכן און האָבן ניט געזעען די כופע-וועטשערע. לאנג האָבן זיי אף איר געוואַרט, געוואַרט און זיך געגרייט, און צום לעצטן ערשט זיך פארשיקערט און פארשלאָפן. זיידלס הונט האָט זיך אויך ניט ווייט פון זיי אנידערגע-לייגט און געבילט, טאָמער פלעג אַ פארשמאַיעטע מעכוטענעסטע ארויס אביסל זיך ארומווישן פונם שוויס און זיך אביסעלע אָפּקילן.

דעם הונט זיידלס האָב איך אומיסנע דערמאָנט, ווייל ער איז אויך שולדיק אין דעם, וואָס דאָס שטעטל האלט זיידלען אין איין באַרעדן.

זיידל אָבער מיט זיין וואָלפיש-ענערגישן און צעקאַרבטן פּאָנעם, מיט זיין רויטער באָרד, וואָס ווען ער שמייכלט אפילע, מיינט מען אויך, אַז ער שטשירעט די ציין און איז אין קאַס, — זיידל הערט די שטאָט פאר אַ פּיאַטאַק! ער זאָגט, אז דער הונט איז אים טייערער פון אַ מעזווזע.

— לייג, — זאָגט ער, — אַנידער אַ קופּע יוכטן אף אַ גאנצער נאַכט אין הויף, ווען זיי דיר קיין צען מעזוזעס ניט אופּהיטן, און מיין ראַבן הונט (איר הערט? ער האָט נאָך אַ ראבן אויך), אַבי איך וועל אים נאָר אָפּלאָזן אף דעם לאנגן דראָט, וועט די קופּע יוכטן זיין גאַנץ! אַפּילע דער רועך אליין וועט צו איר ניט צושטיין!

זיידל, ווי איר זעט, איז פּאָלקאָם גערעכט, און מיר מעגן מיט אים אַלע מאַסקים זיין.

שכיינים האָט זיידל רעכטס און פונהינטן, מיכטאָדן און פּיליפּן, לינקס און פונפאָרנט — די שיניצע. דאָס הייסט, אַז זיידל לעבט אין גרויסער ראַכוועס.

בא מיכטאָדן, זיידלס שאָכן, איז פאַראן אַ בעניאָכיד אַ געקליאַרע-וועטער, — אַ בעניאָכיד, וואָס האָט ליב די קויסע, און אַז ווען ער איז שיקער, האַלט ער די גאַנצע מיליציע אין דער מוירע (אַזוי פלעג אויך זיין באַם אוריאַדניק. יענער פלעג אויך אָפּגעבן דעם בעניאָכיד קאָוועד). דערפאַר פּיליפּ, דער צווייטער שאָכן זיידלס, איז אַן אָנגעשטאָפּטער, מיט שאָף און מיט פּי, מיט ערד און מיט געלט. אָט די ביידע שכיינים זיצן אָפּ לאַנגע שאָען באַ זיידלען, פאַרשטייט זיך, ווען זיי האָבן צייט, און רעדן צווישן זיך, זיי פארברייינגען. אַמאָל באַרעדט מען אַן אָרעמען שאָכן, כאָטש מער פון אַלץ רעדט מען פון פערד. און פערד, זאָלט איר

וויסן, וואַרפֿן זיך דורך וואו-ניט-וואו מעיוּכאָסים! פערד אָדער קליאַ-טשעס! זיי מעגן זיך אופהאַלטן אין שטאָט, צי אויסערן שטאָט, פאַר אַ ווערסט צי פאר צוואַנציק ווערסט — האָבן זיי דאָך די ווערט מע זאָל פון זיי פאַרברייינגען דאָ, בא זיידלען אין שטוב, — זיידל מיט זיינע שכיינים.

מיט זיידלען קען מען פאַרברייינגען. כאָטש ווען ער שמייכלט אַפילע, וואָס סע טרעפט זייער זעלטן, קומט אויך אויס, אַז ער ביי-זערט זיך און שטשירעט מיט די ציין. ניט פון קאַס, כאָלילע! נאָר אַזוי זיך, פון שטענדיקער פאַרנומענקייט...

## דעם פעטער זאַלמענס האַרבאַרני

אין מאַירעוודיקן עק פון שטעטל איז דעם פעטער זאַלמענס האַר-באַרני. אייגנטלעך, איז ער שוין ניט קיין פעטער, ער איז שוין אַ גריי-זער זיידע, מיט אַ לאַנגער סיווער באָרד. אַ איד, וועלכער האַלט אַלע יאָרן יענעם אין קאָוועד, קעדיי ער זאָל מיט דערזעלבער מאַטבייע באַ-קומען געצאָלט.

באַ אים איז אַן אַמאָליקער הויף מיט אַן אַמאָליקער האַרבאַרני. מילכאָמע-צייט האָט ער שוין ניט געקאָנט זיין אַזוי וויט קלוג און געמוזט פאַרדינגען אַ רייכן ספּעקוליאַנט די האַרבאַרני. און אַליין האָט ער שוין נאָר אַמאָל אין אַ יויוול אָנגעוויזן אַן אַרבעטער אַף אַן אַוולע: „ניט אַזוי טו, טו אַזוי!” (כאָטש ס'איז שוין ניט זיין אייסעק זיך מישן!), און דאָס איבעריקע פלעג ער זיך דאַווענען אַגאַנצן טאָג אינדערשטיל. דערדאַווענען, עפּשער, וואָס ער האָט אין דער יוגנט ניט דערדאַוונט. אָבער אונדזער טויבער כאַים, וועלכער האָט פריער געאַרבעט אַלע יאָרן באַ זאַלמענען און איצט אַרבעט ער פונם רייכן ספּעקוליאַנטס האַנט — אים האָט פאַרדראָסן, וואָס דער אַלטער מישט זיך.

איינמאָל איז ער אַריין אין קאַס, דער שטערן איז באַ אים געוואָרן גלאַט און האָט גענומען ציטערן, דאָס בלאָנדע שפּיציקע בערדל האָט זיך אים גענומען טרייסלען, און ער האָט אים אַהיינגעזאָגט, זאַלמענען:

— רעב זאַלמען, — זאָגט ער — דו הערסט? אויב איר וועט ניט אַוועקגיין מיט דער סיווער באָרד, וועל איך דיר געבן מיט א שייט האַלץ אין קאָפּ אַריין!...

קאָם פאַר צוואַנציק יאָר אָפּגעענטפערט! ער פלעג זיך דערנאָך פאר אונדז באַרימען, כאַים, און נאָכן דערציילן אַ מאַך טון, אַ פאַרשעמטער, אַ צופרידענער מיט דער האַנט אַזוי אין דער לופט אַריין... און אַלץ

דערפֿאַר, וואָס דער אַלטער האָט ליב, זינט ער לעבט, מיט ווייסע לעבערלעך טייטלען יענעם, באַרוט און פּאַמעלעך, מיט די פֿינגער אַף דער יוכט:

„אָט אַ-דאָ, אָט אַ-דאָ, — מאַכט ער, — שטייען נאָך „זשילעס" אַף דער יוכט. בליאַקיר אויס אַביסל בעסער".

און באַ כאַימען זיינען די פֿינגער אַזוי אויך שוין גוט צעבראָכן פֿונם בליאַקיר-איינן, און יענער קומט נאָך און פֿוילט זיך ניט טייטלען.—

„ער מיינט, ס'איז אים אַמאָליקע יאָרן".

פֿונדעסטוועגן האָט ער כאַראָטע, כאַים, וואָס ער האָט אים אַזוי אַריינגעזאָגט, דעם אַלטן. כאָטש אין טאָך איז ער צופֿרידן. און אין טויבן קאָפּ בוטשקען זיך באַ אים אי כאַראָטע מיט אומפֿאַרשטענדלעכער מוירע, אי ניצאָכן-געפֿילן (פֿון וועלכע ס'שטעלן זיך אים אָט-אָ טרערן אין די ווייסע אויגן, און די בלאָנדע וואָנצעס קריכן אים אין מויל אַריין צום שמייכלדיקן שפּייעכץ אַרום זיינע גאַנצע ציין).

כאַים איז בעטעווע אַ גוטער, אָבער אויב ער האָט שוין אַריינגעצאָלט יענעם, איז פֿאַרפֿאַלן. און עפּשער האָט ער ווידעראַמאָל אָפּגעצאָלט, נאָר ניט פֿאַר היינט...

באַם אַלטן פּעטער זאַלמענען איז דער טרוקענער ווערקשטאַט אין שטוב. אַף וואויגען האָט ער נאָר צוויי אַלקערלעך, מיט די פּענצטער צו קלימען, און די קיך. אין איין אַלקערל גייט מען אַריין פֿון טרוקע-נעם ווערקשטאַט, אין צווייטן — פֿון קיך. אין קיך אַפֿן אויוון טריקענען זיך אָפּט געשוואַרצטע יוכטן. איז נאָר אַ שמאָל סטעזשקעלע, וואָס צווישן אויוון מיט די געשוואַרצטע יוכטן און צווישן וואַנט מיט דער פּאָליצע-שאַפֿקע, פֿירט אין צווייטן אַלקער אַריין. און דאָרט וואוינט טאַקע דאָס שיינע אייניקל דעם פּעטער זאַלמענס — הינדל.

הינדל איז, אייגנטלעך, ניט קיין קיילעכדיקע יעסוימע — זי האָט דאָך אַ זיידן מיט אַ באָבען. פֿונדעסטוועגן איז איר שטענדיק שלעכט אַפֿן האַרצן. עפּשער איז איר דערפֿאַר שלעכט אַפֿן האַרצן, וואָס ס'איז איר אַזוי ווייט צו גיין פֿונדאַנען אין שטאָט אַריין צו אירע כאַווערטעס. האַרבסט-צייט איז דאָך דאָרט אַזאַ איינזינקעניש, אַז געזונטע מענטשן אין שטיוול ווערן דאָרט פֿאַרהרוזנעט, ניט נאָר זי. און ווינטער די שנייען זיינען דאָרט אויך טיפֿע. הינדל הייסט זי, און איר ברודער מאָטל איז פֿון איין מילכאָמע אַוועק אַף דער אַנדערער. ער האַלט נאָך אַלץ מיל-כאָמע. ער איז אין אַ באָלשעוויסטישן פּאָלק און שרייבט אַהיים פֿריילעכע בריוו. וואָס-זשע איז אָבער די פֿולע, אַז באַ דעם פּעטער זאַלמענען זיינען אַלע זיינע קינדער אַרום און אַרום — די עלטערע אויסגעגעבענע

טאָכטער און אָט די צוויי אייניקלעך (פֿון דעם יונג פֿאַרשטאָרבענעם איינו־
ביינציקן זון). „טאָ וואָס־זשע זיצט ער אַף דער מילכאָמע דאָרטן,
מאָטל?". „צי דען קלערט ער, אַז מיר האָבן נאָך לאַנג צייט וואַרטן אַף
אים?"—און דאָס אַלטע פּאָר־פּאָלק גיט איינצייטיק אַ וויש דעם שווייס פֿון
די טאַפּליס באַביידע פענצטער, לעם וועלכע זיי זיצן זיך ווייט איינער
פֿון דעם אַנדערן, גיבן איינצייטיק אַ קוק אַרויף, אַהין צום בערגל (דאָס
איז אונדזער הייליק־אָרט, דאָרט שלאָפֿן ווינטער־צײַט אַסאַך רייען שטיב־
לעך מיט מאַצייוועס), און זיי קלערן ביידע איינצייטיק פֿון דער צוויי־
טער היים, צו וועלכער זיי נעענטערן זיך ביידע שוין אַזוי פֿיל יאָרן... און
איצט זיינען דאָך שוין זייער קורץ די שאָען: נאָכאַמאָל דאָ אויסהייצן
דעם אויוון, אין דער היגער דירע; נאָכאַמאָל אָנצינדן דעם לאָמפּ. אַ שאָ
און א שאָ — און ס'וועט דאָך אויסקומען אַהינצו זיך איבערקלייבן אינ־
גאַנצן און אַף שטענדיק!.. „טאָ וואָס־זשע וואַרט ער דאָרט, מאָטעלע?"
„ער וואָלט דאָך דאַרפֿן דינגען אַ קוריערסקע באַן און קומען צו פֿליען
אַהערצו..." „געוויס וויל ער דאָך, אַז דער זיידע מיט דער באָבע זאָלן
אַף אים אַ קוק טון איידער ער בלייבט פּונדאָסניי אַ יאָסעם אַף גאָטס
וועלט". — — — — — — — — — — — — — —

די פענצטער פֿונם טרוקענעם וואַרשטאַט באַ דעם פּעטער זאַלמענען
זיינען צום גאַס־צו. דאָ־אַרום פֿירט מען שטענדיק בעהיימעס אין בוינע
אַריין. די קאַצאָווים קענען גוט דעם פּעטער זאַלמענס שטוב. ניט איין
מאָל כאַפּן זיי זיך אַריין אַהער ווינטער, שפּעט אין אָוונט, זיך אָנוואַ־
רעמען. דאָ כאַפּן זיי א הייסע געבראָטענע קאַרטאָפּלע און א קלוג
שפּאָרעוודיק וואָרט באַ די צוויי אַלטע לייט. אַמאָל רייסט זיך באַ זיי
איבער אַ שטריקל, באַ די קאַצאָווים, לויפֿן זיי אַריין לייען. אַן אַנדע־
רער לויפֿט אַריין מיט אַ צעקוילעטן פֿינגער: „וואַסער, וואַסער! ער האָט
זיך צעקוילעט אַ פֿינגער!" יענעם טראָגט אַרויס הינדל, אין דער פֿון
יאָרן פֿאַרדזשעגעכציקטער ברוסאָוועוועער הויז, וואַסער. זי גיסט זיי אויף,
די קאַצאָווים. זי קרימט זיך, זי קען ניט פֿאַרנעמען קיין בלוט און זי זוכט
זיי אויף אַ דינע, קלאָרע, ווייסע, מיידלשע שמאַטקע צום איבערבינדן...
דעם פּעטער זאַלמענס האַרבאַרני שטייט אַף קלים באַלאַנדיקס ערד.
אַ גויטשיקל איז ער, אָט דער קלים, אַ קורצינקער, אַ ברייטער, מיט אַ
שטענדיק לאַכנדיקער, אָבער גאָר־גאָר קלוגיטשקער טונקל־רויטער באָרד.
זינט ער לעבט, קלים, האָט ער קיין קוואָרט דזשעגעכץ ניט געקויפֿט.
אַף זיין ערד שטייט דאָך אַ האַרבאַרני. שמירט ער דאָרט די שטיוול
שוין היפּשע עטלעכע צענדליק יאָר: זיינע שטיוול, דער ווייבס און דער
גאַנצער מישפּאָכעס.

אָבער דעם דזשעגעכץ מעג ער אויסקריינקען! ס׳מאַכט ניט אויס!

פאַרוואָס? — ווילט איר פרעגן.

זייער און זייער פאַר אַסאַך זאַכן:

ניט איין הון איז פאַרפאַלן געוואָרן פון הויף פאַר די יאָרן. און וועד ס׳האָט זיך געסאַמט מיט זיי, ווייסט מען — קלים מיט קלימעכען. מ׳האָט זי פיל מאָל געכאַפּט פאַרן האַנט אויך:

— ס׳איז אייערע? — זאָגט זי, — נעמט צו. איך האָב ניט דערקענט.

אַמאָל בלייבט ניט אַ העמד פון פלויט; ווייסט מען אויך, וועמעס אַרבעט ס׳איז. דאָס איז אָבער אַלץ גאָרניט! ער האָט אַסאַך בעטערע מאַילעס, קלים:

זאַלמען מיט זאַלמעניכען האָבן אים זייער אָפּט פאר אַ גאַסט אין די אָוונטן.

שוין אַסאַך, אַסאַך יאָרן, אַז ער קומט אַריין, קימאַט יעדער אָוונט, זעצט זיך אַנידער אַפן נידעריקן, רויטן ביינקעלע לעם די ראַשוקעס דזשעגעכץ, אָדער אַנקעגן טיש, וואו מע עסט, און ער שמועסט. שטענדיק ווייסט ער, אַף וואָס די וועלט שטייט. און וואָס דער קייסער עסט וועטשערע... פונוואַנען קומען צו אים אַזעלכע ווייטע נייס, ווייסט קיינער ניט, אָבער ער האָט וואָס צו דערציילן. און שטענדיק צו יעדער נייס איז זיך אַזוי, אַגעוו, פאראַן אַ צושפּיל.

— דו האָסט ניט געהערט, זאַלמען? — און ער בעט באַ זאַלמעניכן אַ הייסע קויל פון פריפּעטשיק און רויכערט צו זיין ליולקע.

און זאַלמען האָט טאַקע נאָך ניט געהערט פון אַזאַ פרישן, געשטויגענעם אָדער ניט-געשטויגענעם שפּאָגל-נייעם נייס.

„דאָרטן און דאָרטן, אין יענער גובערניע האָט מען געשלאָגן אידן... אין דער און אין דער גובערניע האָבן אידן באַגאַנוועט אַ קלויסטער. מ׳ווייסט געוויס, אַז דאָס זיינען אידן... אַסאַך אידן וועלן פון דעם ליידן, אַסאַך אידן". און מיט אַן ערנסטער און כאָשעווער מינע גיט ער עס איבער. — „אין קיעוו האָבן די אידן ניט אַזוי ספּריטנע אַרויסגעבאַקומען דאָס קריסטלעכע בלוט צו די מאַצעס... מ׳האָט זיי געכאַפּט באַ דער אַרבעט... אַ ראָוו איז דאָרט געווען צווישן זיי, מיט לאַנגע, לאַנגע „צוויי פּייסאַכעס". אַ גרויער און אַ זיידענער. די פּייסאַכעס האָבן זיך אים געשלעפּט איבער דער ערד. אָבער וואָס איז די פּולע — מע האָט אים געכאַפּט"...

אַפן קליין ביינקעלע זיצט ער זיך אַ קורצינקער און ער זייט דורך דער פּיפּקע, דורך די מאַמזעריש-עלטערע, דורכגעטריבענע אויגן און דורך דער רויטער טיפער באָרד. אַזוי זייען זיי זיך באַ אים, די נייסן,

טאָג-איין, טאָג-אויס, און ער ווייסט אַף וואָס די וועלט שטייט. ער ווייסט אַפילע, פאַרוואָס מ'טשעפּעט נאָך ניט אַזוי לאנג די סלאָוועשנער אידן...

שוין עפּשער פערציק יאָר, אַז מ'האָט קלימען פאַר א שאָכן, און מע מוז הערן, סיי זומער, סיי ווינטער, זיינע רייד. ווי דען? אן אַנדער ברייִרע האָסטו? דו ווּעסט אים עפּשער טרייבן פון שטוב?

צוויי זין מיט אַ טאָכטער האָט ער נאָך, קלים. ווען זיי וואָלטן געווען ניט דערלעבן אויסוואַקסן, וואָלט מינאסטאם געווען בעסער. זאַלמען מיט זאַלמעניכען ווייסן אין זיי אַ טאָך און פון זיי אויב ס'איז דאָ וואָס צו דערציילן. און ס'איז זייער אַסאַך דאָ. טאָ לאָמיר עס עפּשער איבערלאָזן צום סאָף, דאָרט וועט עס זיין מער אַפן אָרט. דערווייל ווייסן מיר, אַז אַפן מאַירעוודיקן עק שטעטל שטייט דעם אַלטן זאַלמענס האַרבאַרני, מיט צוויי פענצטער צו קלימען אין הויף אַריין. דערנאָך איז די שיניצע, די בוינע און פאָדאָלסקעס מיל; דורכדאַנען פאָרט מען קיין אַנטאָנאָוויטש, קיין אוסאָוו, קיין פערעבראָד און קיין אָלעווסק.

---

אונדזער שטעטל אין דאָרעם האָט ניט קיין הארבארניס. ניט לאַנג איז דאָ לינקס געווען דעם פאָריצס הויף און דער שיינק. רעכטס איז דער קלויסטער, דער מאַרק און די שענסטע הייזער פון שטאָט. און מיט דער דאָלינע הויבן מיר זיך אָן אַראָפּלאָזן צום טייך, צוביידע הייליקע-אָרטן, און פון דאָרט גייען אַוועק ביידע קלענאָווע אַלייעס, וואו ס'שפּאַצירן אַלע שאַבעס פאָרלעך. איין אַלייע פירט קיין טכאָרין און די צווייטע — קיין בעהון, אַהין, וואו מיינע און בוזיס מאַמע טראָגט די לעצטע צייט טעפּ. דאָרט האָבן מיר בעהון, די מילכנס, פאַרשיידענע כוטאָרעס או קופּיטש מיט וויקאָוויטש. און דורך טכאָרין פאָרן אונדזערע סאָכרים מיט דער פור קיין טוראָוו.

## דעם ספּעקוליאַנטס האַרבאַרני

דער מיזרעך-ברעג פון אונדזער שטעטל האַלט אַף זיך די דאַמפּמיל און ווייטער אַביסל דעם ספּעקוליאַנטס נייע הארבארני. צוויי רייכע אַנשטאַלטן, לעבן באַלעגופיש-בעשאָלעם צווישן זיך. זיי לעבן אויך בעשאָלעם מיט די אַרומיקע פּויערים די שכיינים און אויך מיט די פּויערים די באַלעבאַטים, אַף וועמעס פּלעצער ס'הודען פון איין זייט די מיל, פון

דער צווייטער — די האַרבאַרני, די גרעסטע אין שטאָט, מיט דער שיינער געפּאַרבטער שטוב אין פראָנט, צום וואוינען.

דאָ פילן זיך אויך אונדזערע יאַטן נישקאָשע, מ׳צאָלט „גוט". ער גיט אַמאָל אַפילע אַרויס אַפריער געלט.

א אופגעקומענער איז ער, א לאַנגער, א דינער, ווי אַ זשערדקע, שיר וואָס ער ברעכט זיך ניט איבער. און מיט א קרוין אַפן קאָפּ. אונד־זערע האַרבאַרעס באוואונדערן זיינע ווילדע שווינדלערייען און זאָגן, אַז באַ אים איז אַן אָפענער „מויעך". און אַנדערע רופן אים פּאָשעט „פיישקאָ פּאַרך". זיי זיינען אף אים אין קאַס, די האַרבאַרעס. ערשטנס, פאַר דעם, וואָס ער האָט זיי אסאַך מאָל באַשווינדלט, און כוץ אלע זאַכן, איז ער נאָך טאַקע א בעסערער „סויכער" פון זיי.

באַ אים אַרבעטן אַסאַך כעוורע: לייבל יאָנטלס, עלי, זיסקל דער ליטוואַק, נעכעמיע הערשלס, כאַים און נאָך. דאָ אין האַרבאַרני מעג מען אַפילע זינגען די מאַרסעליעזע... מיט אַ פאַלשקייט פון א שלאַנג און מיט דער זיסקייט פון סאַכארין גייט ער אונטער — אַ לאנגער, כסידי־שער יונגערמאַן, א איד א סויכער. כאָטש לאַנג, אָבער ריין געקליידעט, און זאָגט מיט מעווינעס, אַז „באַ לייבלען איז אַ פיינע שטים". „לייבל האָט עפשער ניט געדאַרפט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט זיין שטימע".

אָבער צו דער קאָנטריבוציע, וואָס אָנגעפּאָרענע באָלשעוויקעס האָבן געשטעלט אַף דעם שטעטל, האָט אים די מאַרסעליעזע ניט געשאַדט: אים, מיט זיינע צען ביטן און מיט נאָך דריי זייטיקע מיסכאָרים, האָט מען אַפילע קיין האַלב ניט געשטעלט, ווי די האַרבאַרלעך די קליינע מיט די 5—4—3 און 2 ביטן.

פארוואָס? — פרעגט איר.

פארוואָס, פארוואָס. ס׳איז ניט שווער זיך צו דערוויסן. ער איז א פאַלשער און אַ כיטרער שלאנג. און דאָס, וואָס לייבל יאָנטלס איז א פארכוטש, דאָס איז זיך אכוץ א מאַיסע: לייבל האָט געהאט פאר ד׳עם שטיקל ארבעט אַ טויזנטער — טויזנט רובל קערענקעס.

... דאָ איז אָבער פריילעכער צו אַרבעטן. דאָ ארבעטן אַסאַך כעוורע. דאָ איז דער איינציקער זאַוואָד, וואו דער באַלעבאָס איז ניט קיין פאר־שמירטער אַרבעטער, נאָר א פאַרשוין מיט אַ שטעקעלע. ניין, דאָ איז אַ יאַם גרינגער צו אַרבעטן. און ער צאָלט נאָך אָפּ בעסער אויך... ערשט שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, ווי ער פאַרעדט אונז די ציין. ער פארנעמט אונדז, די עטלעכע ניט גאָר דיפּלאָמאַטישע אַרבעטער, און פארקלאַפּט אונדז דעם קאָפּ מיט איבעריקע פינף־רובלדיקע אַף דער וואָך, און ער נארט זיך ניט פון דעם. אָ, ער איז א פוקס, אָט דער פיישקאָ!

דאָ האָט ער אָפּגערופן די פּעטריקאָווער סאָכרים:

— „צו וואָס דאַרפן זיי זיך אַרומשלעפּן איבער די האַרבאַרניס?— ער מאַכט מיט זיי א קסאוו און גיט זיי אָפּ די גאַנצע סלאָוועשנער, וועלעדניקער און אָוורוטשער סכוירע". דערביי גיט ער צוויאַקיש אַ פּינטל מיט אַן אויגל: „וואָס, איר ווייסט ניט, אז איר האָט דאָ צו טון מיט פערד?"

און די פּעטריקאָווער סאָכרים גייען איין. דער לאַנגער פּיישקאָ האָט צו דעם איניען, פאַרשטייט זיך, אויך ניט דערלייגט...

איינמאָל טוט זיסקל דער ליטוואק א קוק זיך אום, צי קיינער פון די באַלעבאַטים דרייט זיך דאָ ניט אַרום אין הויף, און טוט א זאָג פון זיין גרויער, אַשיקער באָרד:

— איר פאַרשטייט, כעוורע!—און דער גרויער פּאָנעם מיט די אַשיקע ברעמען שיינען בא אים פון א גערדאַנק!—אָט, זאָגט ער, האָט איר באַ פּיישקען פינף קינדער, און בא כאַיעמען 5 קינדער. פּיישקעס עלטערע אינגלעך זיצן אין קיעוו אין גוטע „קאָמנאַטעס", זיי שטודירן, און כאַימס, איז בא דעם עלטערן אזא גוטע קאָפּ און ער האָט אים אָפּ-געגעבן צו עלף יאָר פאַר א שוסטער!.. איר ווייסט וואָס? איר האָט אָקאָרשט געזעען, ווי מ'האָט אויסגעבעט די שטאַל פון פּיישקעס בעהיימע וועגן? זאָל איך קריינקען, אויב באַ מיר האָט מיין ווייב אַזא „ראָס-קאָש", ווי בא אים זיין בעהיימע!..—און די פאַרגעלטע קאָראַווע הענט, אין איינער האַלט ער דעם פּאַלדז פון קאַלעך און מיט דער צווייטער נעמט ער אַראָפּ א שטיקל מעוזדרע פון באָרד. די באָרד און די ברע-מען זיינען באַ אים פאַרקרימט, ער וואַרט: „זאָלן די יונגעלייט ענט-כערן. ער האָט דאָך ערשט אַרויסגעזאָגט א גערדאַנק!"

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך דער האַרבאַרני מיט דער מיל הייבט זיך אָן די שיניצע. דאָרט וואוינען אויך אַ צוויי פויערים האָנטשארעס. זיי לעבן גוט מיט די אידן, זיי גייען אַריין אַמאָל פרעגן אַן אייצע. דאָרט וואוינט אויך דער גרוי-סער און שיינער פּומין. ער איז אַ מילנער, און דאָ צווישן מיל מיט דער האַרבאַרני לויפט דורך דער ברוקירטער שליאַך אין שטעטל אריין. ער לויפט פון ווערפּי, פון מאָזשאַרי, פון פּאָקאַליאָוו, און פון יענער זייט פּאָקאַליאָוו איז סאַמע אָוורוטש. פון אָוורוטש איז שוין די וועלט מיט דער האַנט צו דערלאַנגען—דאָרט גייען דאָך שוין באַנען!..

## 5. די הייזער אין שטעטל

די הייזער אין שטעטל, אויסערן מאַרק, זיינען אַמיינסטן געמישט — אידישע שטיבער מיט שכיינישע פויערשע הויפן. באַם פויער בליען זו-מער קאַשטאַנען און ניסן-ביימלעך. ס׳וואַקסן דאָרט אויך ווײַנשל מיט עפּל. און באַם אידן, אויב ס׳איז דאָ אַ בייטל אונטערן שטוב, פאַרזייט מען קאַרטאָפל. קאַרטאָפל און אוגערקעס. באַ די זייטן — פּאַסאָלעס, קירבעסן און פּשעניטשקעס. און אויב ער פאַרגינט זיך אָפּשפּאָרן אַ שטיקל ערד פון צוויי אַרשין אַף צוויי, פאַרזייט מען אַרבעס.

אויסער אַרבעס און ווײַנשל, וואַקסן דאָך נאָך אין יעדער הויף „האָ-לאָפּוזן״ (הוילע פּופּעקלעך). אין די גרינע הויפן וואַקסן ווייסע קעפּ-לעך, אין די שמאָלע הויפן — שוואַרצע. אין די ברייטע הויפן בלויע אויגעלעך, אין די ליקן—שוואַרצע. פרעגט זיך נאָר די פראַגע: אויב אַזוי, פונוואַנען ווייסן די ווייסע קעפּלעך זינגען פאַר די שוואַרצע: „זשיד פּאַרכאַטי, האוונאָם נאַפּכאַטי..״

און די שוואַרצינקע — פונוואַנען ווייסן זיי זינגען אַף צוריק: „מוזשיק כאַם, פּרידי ק׳נאַם, נאַ וועטשערו האוונאָ דאַם״ — און אַזוי ווייטער.

קיינער לערנט זיי דאָך ניט דערויף!

בלייבט אַ קאַשע!

כוצדעם אָבער לעבן די פויערים גוט מיט די אידן. מ׳קאָן ניט זאָגן: אַ שוסטער, אַ פּעלצנמאַכער, אַ האַרבאַר, אַ שמיד. די פויערים האָבן ליב אַזעלכע. זיי רעדן זיך גוט צונויף צווישן זיך. קאַרטאָפל, מעל, האָ-ניק, אַ קאַלב — פון איין זייט; אַ יוכט, אַ פּעלץ, אַ פּאָר אופּגענייטע שטיוול — פון דער צווייטער זייט! זיי רעדן זיך צונויף צווישן זיך אַזוי מיט די קאַצאָווים, אַזוי מיט די ליווערצאַנטן, אַזוי אפילו מיטן קלייטניק. און ס׳דוכט זיך, אַז זיי וועלן לעבן גוט צווישן זיך אַזוי ביז מאָשיעך וועט קומען.

ס׳קאָן זיין! ס׳קאָן זייער זיכער זיין!

---

## VI. פּעטליורע, אוורוטש און סלאָוועשנע

...זאָרגן וועגן די בעזשענצעס קאָן בוזי אויך. אַזוי אָדער אַנדערש. אָבער איך זאָל אין דערזעלבער צייט ניט אופהערן זי ליב האָבן, אַפילע אף אָט אַזוי פיל—אָ. דאָס הייסט, אַז איך זאָל אַפילע אַף קיין רעגע פון איר ניט אופהערן קלערן. איצט זעט איר שוין, אַז זי איז נאָך א קינד? אַ פיצל קינד! — אַ קינד וועט דאָך אויך אייפערזוכטן זיין מאַמען צו יעדן זייטיקן, ווען יענע שיינקט אופמערקזאַמקייט, כאָטש-בי אף איין מינוט. „ניין, קיינער האָט קיין רעכט ניט אַף זיין מאַמעס צייט. זי געהער נאָר אים!"

איז אויב איך זאָל זיך פלוצים פאַרטראַכטן פון עפּעס... פון וואָס קאָן איך זיך פאַרטראַכטן, מיינט איר? — פון די בעזשענצעס!—איז רעכט, אַז זי זאָל אף מיר ווערן אַפילע גוט אין קאַס אויך.

פארוואָס זי איז אין קאַס, זאָגט זי ניט.

— אַזוי! דערפאַר!...

ס'קאָן געבן, אַז זי ווייסט אליין ניט פארוואָס. אָבער איך ווייס.

דאָס קאָן זי ניט ליידן מיינע געדאַנקען זאָלן אבי אַף וואָס אריבער כוץ איר!..

ווער זיינען די בעזשענצעס? — פרעגט איר.

די אָוורוטשער אידן. גאַנץ אָוורוטש.

די פּעטליוראָווצעס מיטן קאָזיר-זירקאָ בעראָש האָבן דאָרט געמאַכט כוישעך! ימאַך שמאָם זאָלן זיי ווערן, די פּעטליוראָווצעס, וואָס זיי צע-מאַכן פון א שטאָט:

גרייז און יונג, פארנומענע מענטשן און קינדער באַ דער ברוסט, באַבעס, אַלטע ווייבער, גימנאַזיסטן, באַלמעלאָכעס—אַלע זיינען זיי אין איינער א הלופער נאַכט געקומען צו אונדז קיין סלאָוועשנע. אלע באָר-וועסע און צעשלאָגענע: ווער מיט דער גאַנצער מישפּאָכע, ווער מיט א האַלבער און ווער גאָר איינער אליין מיט זיין וויסטער און זינדיקער נעשאָמע, ווי א בייזע געדעכעניש פון דעם „עוויגן יודע", ווי א

כאָרעווער שטאָם, אָן זאַפט און אָן צווייגן, זיך צוגעשטעלט מיטן גאָלעס: „טאָמער האָט עמעצער אויסגעפעלט צו א מיניען? — אָט בין איך אויך דאָ!"

די גאַנצע שטאָט איז זיך צעלאָפן. ס׳איז געווען זייער הייס אין אוורוטש, ד. ה. נאָר דעם „אידישן" אוורוטש איז געווען הייס. דעם „גאָיעשן", פאַרקערט, איז געווען סאַמע געמיטלעך. זיי זיינען נאָר געווען פאַרנומען מיט א נייעם מין „זשניוואַ".

— גאָט האָט געהייסן, מ׳זאָל אויסרייניקן די אידישע הייזער מיט די קלייטן!..

זיי האָבן זיך געטיילט מיט דער גערעטעניש.

אַזויפיל אידישע דירעס אין אוורוטש. וויפל דירעס, אַזויפיל פּאָר קאָלדרעס, אַזויפיל אָנטון, וועש, געפעס און גלאָז אין די פענצטער.

אָ, דער גאָיעשער אוורוטש איז געווען שטאַרק פאַרשמאַיעט.

„גאָט האָט געהייסן צוקלייבן די אידישע קלייטן":

איז געוואַנט, איז לייוונט מאַראָזאָווס, איז טאַראַן, זיידנס, קעסט-לעך צוויעכעס. און איינע אַ נאַרעשע גאָיע אַ צעטומלטע טראָגט זיך אַרום מיט א בינטל „אכטער" גלעזלעך צו לאָמפּן און זי איז צעטראָגן, זי ווייסט ניט מער וואָס צו טון. — — — — — — — —

דער אידישער אוורוטש איז היינט אין סלאָוועשנע.

אַ פּאַס האָט זיך אַריינגעשטופּט אין אַן עמער אַריין. אַ שטוב אין אַ קעסטעלע פון מאַכאָרקע. און דאָס קעסטעלע איז נאָך דערווייל אָן און פאַר-זיך מיט איריקס פאַרנומען.

איר ווילט וויסן, ווי אַזוי-זשע האָט מען זיך פּאָמעסטיעט? האָט איר זיך אַ פּראָסטן כעשבן: 40 מאַן זיינען געשלאָפן בא אַווראָמבערן דעם ווייבערשן שניידער איין גרויסער צימער איז אַווראַמבערס שטוב. דאָרט איז זיין שלאָפצימער, זיין קיך (איבערגעהאַנגען מיט א ליילעך), זיין עסצימער, זיין וואַרשטאַט און דעם זונס—לייבלס—שערעריי (עפּשער די בעסטע אין שטאָט).

טאָ ווי אַזוי,—פרעגט איר, — שלאָפן איבער בא אַווראָמבערן דעם ווייבערשן שניידער פערציק נעפאַשעס?

עפשער זיינט איר קיינמאָל קיין „בעזשענצעס" ניט געווען!

די עויד האָט מען אויסגעשפּרייט, מיט וואָס ס׳האָט זיך געטראָפן, און מ׳האָט זיך אויסגעמישט — ווייבער, מאַנסבלען, קינדער און מיידלעך. מ׳האָט זיך אויסגעלייגט איבערן שטוב און מע איז געשלאָפן: אונטערן טיש, אונטער די בעטן, אפן טיש, אַפן אויוון, אַף די בעטן, צווישן די מאַשינעס—פון יענער זייט ליילעך, אַפן טאָפּטשאַן און לעם פּאָמאָיניצע.

אינדערפרי האָט מען זיך אַלע אופגעהויבן און זיך גענומען אַרום־קוקן, אַזויווי אַפּן וואָקזאל, וואָס צום אוילעם האַטויהו!...

און אווראָמבער מיט דעם געזינד זיינען דימענטענע מענטשן, האָבן זיי אף זיך גענומען אַלץ און זיך געטיילט מיטן לעצטן געבאָרגטן און באַלמעלאָכיש־פאַרדינטן ביסן.

כוץ אווראָמבערס שטוב זיינען געווען נאָך שטיבער, גרעסערע, קלענערע, ווי זשע אין א אישעוו ס׳פירט זיך. און אומעטום איז געווען אוורוטש. מיט זיינע באלמעלאָכעס, קאַזיאָנע־ראבינערס, אַדוואָקאטן און ווענען איר ווילט אליין.

פונדעסטוועגן האָט מען איינעם א פרימאָרגן זיך פאַרגינט און מע איז ארויס מאַכן א ציילונג; אף אָרגאַניזירן און אויסטיילן א העמד, א זשילעט, א קליידל און א שטיקל ברויט...

אוורוטש קרעכצט גוט אף וואָס ער איז אַרוף געקומען. ער האָט דאָך אפריער אפילע ניט געוואָלט ריידן מיט קיין „סלאָוועשנער קאָלטן״. נאָר, מיילע, דאָס איז מיר גאָרניט מיט נישט, דאָ איז אונדז ניט גוט מיט אַן אַנדער זאַך:

וואָס ענטפערט מען די מעשטשאַנעס, די גאָים אונדזערע?

„אוורוטש האָט זיך אהערצו אַריבער געקליבן?!״

גאַנץ אוורוטש האָט זיך אהערצו אריבערגעקליבן מיט די בעבעכעס. עלטערע זיינען געוואָרן הילפלאָז, ווי קינדער. הילפלאָז, נאקעט און הייל. קינדער קליינע פאַרשטופּט מען דעם מויל עפּעס מיט אזעלכע מינע מאָדנע טירוצים, וואָס זיי האָבן קיינמאָל אין לעבן ניט געהערט.— טאָ וואָס־זשע ענטפערט מען פאָרט די סלאָוועשנער מעשטשאַנעס וועגן אוורוטש? — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר האָבן היינט שפּעט געגעסן ווארמעס. בוזי איז געווען אף מיר אינקאַס, פאַרוואָס מיר איז פאַרשטייט זיך, געקומען. אין דערזעלבער רעגע אָבער האָבן זיך צעשיינט אירע אויגן, ווי די זונען, און זי וואַרפט זיך מיר א אויסגעהונגערטע, פאַר אגאַנצן טאָג, אפן האלדז...

וואָס זאָגט איר? א גרויסע איידע איז איצט אין גאָלעס, א איידע אַן אָפּגעגאַנגענע מיט בלוט. מיר איז עפּעס ניט שיין, און טאקע ביין! איך וועל זיך עפּשער איצטער מיט בוזין ניט קושן!— — — —

---

אָוורוטשער אידן האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן אונדזערע סלאָ־וועשנער אידן קיינמאָל ניט פאַרגעסן... און זיי האָבן נאָך א וואָך, נאָך צוויי וואָכן פאַרברייגגען אָפּגעליידיקט סלאָוועשנע. ווער צו פוס און

ווער מיט דער פור. פריער האָט מען געווען געשיקט שליכים. יעכידים האָבן בעסאָד זיך צעפרעגט אַף זייערע סעקרעטן [1]). די שליכים, די מער דרייסטע פון דער איידע האָבן שוין פון דער ערשטער שאָ געוואוינט אין צוויי שטעט — אין אוורוטש און אין סלאָוועשנע. דערנאָך איז גאַנץ אוורוטש אַרויס פון סלאָוועשנע און ס'איז געוואָרן וועלוועלער ברויט.

איינציקע, איינציקע נאָר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. ווער באַ פריינט און ווער באַ נישער-געלט. זיי האָבן מיעסע זאכן געזעען פאַר זיך אין אוורוטש. זיי ווילן ניט מער; האָבן זיי זיך ביז א צייט איינגעבירגערט באַ אונדז אין סלאָוועשנע.

בוזיס מומע פריידל מיט איר 13-יאָריקן יאַנקעלען זיינען אויך געבליבן אין סלאָוועשנע. נאָר איר מאַן וואוינט אין צוויי שטעט, דער היכער אווראָמשמועל. ער וואוינט אין אוורוטש — א שטאָט און אין סלאָוועשנע — אַ שטאָט. — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

זינט איך לעב האָב איך פון בוזין באַקומען צוויי בריוועלעך, איינעם זייער א קליינינקן מיט איר שוועסטערל געשיקט, מיט ראָכעלען. דאָס איז געווען נאָך איידער אלע זאכן. בוזיס פאַמיליע איז נאָך געווען אן אַנדערע און מיינע אן אַנדערע.

דאָס איז געווען דענסטמאָל, ווען איך האָב אָנגעמיטן בוזיס מאמע און בוזין אליין וועגן זייער אַן ערנסטן איניען, און איך האָב זיך צו זיי געבעטן פאַר אן איידעם. אף בוזין האָט זיך דענסטמאָל געדרייט דער שלייער ניט ווינציקער, ווי אף מיר, און זי איז טאַקע געווען גוט באַרויגעז, לעמאַי האָב איך זי אַזוי פלוצים צוגעשטעלט צו דער וואַנט און מיט אזא „פרעסריאָזנער" פראגע. זי האָט אבער ניט געלאָזט לאנג אַף זיך וואַרטן און מיר צוגעשיקט מיט ראָכעלען אַ קוויטעלע. צוגעשיקט אַף העברעאיש: „באַ אלנו היום בשעה השניה בוזיק גען-מאַן" [2]). פון יענעם טאָג אָן איז דאָס מיר געוואָרן אַזוי גוט צו לעבן אף דער וועלט. אַזוי גוט, אז יעדערער מעג מיך, אָן דער קלענסטער מוירע, אָנרופן נאַר און שויטע. און מיך וועט גאָר ניט אַרן. — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מער האָט דער בריוו ניט באַטראָפן, ווי פינף ווערטער. און די כסימע — צוויי. אַרום און אַרום — זיבן.

---

1) אין פאַרהוילענע ערטער דורך פאַרשיידענע האמצאָעס, פּאַרמאָווערטע אָדער פאַר־גראָבענע, גוטס.

2) קום צו אונדז היינט צוויי א זייגער. בוזיק גען-מאַן.

דעם צווייטן בריוו האָב איך שוין באַקומען אויף אידיש געשריבן. אַביסל אַ בייזן, וואָרום זי איז מינאַסטאָם געווען געראַכט. אין אוורוטש האָב איך אים באַקומען. די מאַמע כאַיטשיק האָט מיר אים געווען אַליין געגעבראַכט צו פירן.

„איך זאָל זיך לעמאַנעשעם און לעמאַנעשעם ניט שטעלן צו פּעט־ליורעס פּריזעוו, זי איז ניט מעכויעוו צו זיין ערלעכער פון אַלעמען. אַלע באַהאַלטן זיך אויס און... נאָכאַמאָל דאָס אייגענע״.

וואָס האָט זיך נאָך אויפן סאָף צוגעשריבן, אַז

„זי קושט מיך שטאַרק״.

פון וואָס ס׳איז מיר אויף מיין אינדערפּריענדיקער פּריזעווידיקער אַכסאַניע געוואָרן ליב, און איך האָב פּלוצים דערפילט אַ פייערדיקן הויך אַרום מיין פּאָנעם. אַזוי אינמיטן־דרינען בין איך געשטאַנען לעבן אַ דאַוונענ־דיקן אידן, וואָס אין אַ געדיכטן טונקלען טאַלעס איינגעהילט, — ער איז אויך געווען גאַנצפריענדיק־אינדערפרעמד און איז אויך געווען אַ פּרי־זעווניק. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זינט איך לעב האָב איך באַקומען צוויי בריוו פון בוזין: איינעם אַ לאָשנקוידעשן פון פינף ווערטער און איינעם אַ אידישן פון 15 ביז 29 ווערטער. און ביידע זיינען זיי געווען אַזעלכע שטאַרקע, ווי זיבנונ־פופציקער מיט נײַנציקער געמישט, און אַזעלכע גוטע, אַז אין מעשעך פון אַ צייט נאָכאַנאַנד האָסטו זיי געפילט...

— ווי קלערט איר? איך האָב סייכל געהאַט אויסבאַהאַלטן אָט אָ־די צוויי בריוו בוזיס? — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז אַלצדינג איז אָבער אַ כאָלעם שעבעכאָלעם — קען איך דען זיך איצט גלויבן, אַז איך בין געפאָרן צו פּעטליורען צום פּריזעוו, און פּעט־ליורעס דאָקטער (אָדער עפּשער איז עס געווען פּונקט אַ גוטער דאָק־טער) האָט מיך געבראַקעוועט? און איך בין געקומען מיט נאָך פורן צוריק אַהיים, און אינמיטן טאָג?

בוזין האָב איך געטראָפן בא מיין טאַטן אין שטוב, ווי אַ יונגע אַגונע — אַן אַ ג ו נ ע אָן 5 מ י נ ו ט. און דענסטמאָל איז בא אונז געווען עפּעס אַ יאָנטעוו אינדערוואָכן. און בוזי איז, ווי אַ ציגעלע, מיר געשפּרונגען אויף די אַקסלען און אויפן האַלדז (פאַרשטייט זיך, ווען מיינע לייט האָבן ניט געזעען).

ס׳גלויבט זיך מיר אָבער ניט, אַז דאָס בין א י ך געפאָרן צו פּעט־ליורן צום פּריזעוו און בין געקומען צוריק.

---

אַ צווייטן מאָל זיינען אומגעפאָרן אונדזערע האַרבאַרעס צום קאַזיר-זירקאַ (אויך צו פּעטליורען צום פּריזעוו) און אויך קיין אוורוטש.

עפּעס אַ אידל פון יענע אינסטרוקטאָרן האָט סייכל געהאַט זיך צו-שארן צו די פּעטליורעס און זיי עפּעס אָנאייצענען:

ער האָט זיי געאייצעט, אַז זיי זאָלן צונויפרופן די „שקירניקעס" פון שטאָט און פון אַרום, זאָלן זיי צושטעלן שטיוול פאַר דער „רעגולערער ארמיי. — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

צוויי באַלעגאָלעס האָבן געפירט אונדזערע האַרבאַרעס קיין אוורוטש. און אגאנץ וועג, וואו א דארף, שטעלן זיי זיך צו און אייצענען זיך פונדאָסניי:

„פאָרן צי ניט פאָרן?"

איינער גיט אויף, עטלעכע הערן זיך צו, און די איבעריקע שרייען אין איין קאָל:

„זאָל אייך גאָט היטן! אַז מיר וועלן ניט פאָרן, וועט מען קומען און מע וועט כאַהעוו מאכן סלאָוועשנע!".

די האַרבאַרעס זיינען דינסטיק געפאָרן אהין און מיטוואָך זיינען זיי געווען אף צוריק. דוכט זיך, וואָס? זיי זיינען אָבער פאַר די צוויי טעג גראָוו און אלט געוואָרן, און מ'האָט זיי דאַווקע ניט אָנגערירט:

„די „שקירניקעס" טאָר מען ניט טשעפּען!".

און די שקירניקעס זיינען אויך געווען אין לייבן-גרוב... זיי האָבן געזעען דעם קאַזיר-זירקאַ אַליין, א שוואַרץ-לאָקיקער, א גרויסער, א שיינער און אַ העלד!

ס'האָט זיי געוואָרפן אַ צאָן אָן אַ צאָן, די שקירניקעס, און מ'האָט זיי איבערגעגעבן צום אידל. דאָס אידל האָט זיי אומגעפירט אין פּלוצים אוקראַיניש-געוואָרענע אַנשטאַלטן. דאָרט האָט מען מיט די שקירניקעס גערעדט אף אוקראַיניש און געשריבן אַן אָפּמאַך, און די שקירניקעס זאָל מען אָבער ניט וואגן אָנרירן.

אונזערע שקירניקעס האָבן סאָפּקאָלסאָף פאַר די אָנדערהאלבן מעסלעס קיין סאַך ניט געזעען.— זיי האָבן נאָר געזעען „אים" און „זיי".

וואָס נאָך האָבן זיי געזעען? —

אידישע צעמעקטע, פינצטערע פּענעמער; טויטע גאַסן, ווי אין אַ וויסטער כאָגע, און צוגעשטילטע, צעביילטע הייזער.

זיי האָבן געזעען, ווי מע שלאָגט שוין 5 מאָל געשלאָגענע אידן, און א געדיכטן פּאַכאַד האָבן זיי געזעען, וואָס מ'קען אים אָנטאַפּן מיט די הענט. אזוי אַכוץ דעם האָבן די שקירניקעס קיין איבעריקע זאכן

ניט געזעען, און זיי האָט מען ניט געטאָרט טשעפּען אויך. יעדער רעגע איז זיי אָבער סייווי איינגעפאַלן דער מאמעס מילך, וואָס זיי האָבן אַמאָל געזויגן. און דאָך זיינען זיי פּאָרט פאַרפאָרן בעשאָלעם אהיים.

די שקירניקעס, זעט איר, האָבן אלע געהאַט א טראָפּנדל פרייד אין די קעשענעס, וואָס זיי האָבן עס געהאַלטן פאַרשטעלט, אַפילו פון זיך אַליין...

ווייל יעדער רעגע האָט געשמעקט מיט ווידוי, מיט פריציייטיקן, קלעפּיקן טויט, און די האַרבאַרעס האָבן זיך דערווייל אליין פון דער פרייד אָפּגעזאָגט ביז א צייט.

איצט מעג מען שוין דערציילן:

שמוליק האָט אַף טויט דערשראָקן דעם קאָזיר-זירקאָ.

איבער שמוליקן האָט מען אופגעבורעט דאָס גאנצע כאיל, און די אידישע הייזער האָבן אַף א רעגע אָפּגעאָטעמט.

שמוליק איז א איד א צעפלויגענער. שמוליק איז א איד א האָן.

שמוליק איז א איד, וואָס האט צוואַנציק יאָר געאַרבעט אין פרעמדע האַרבאַרניס, איצט איז ער געפאָרן מיט זיינע געוועזענע באַלעבאַטים, ווי א זעלבשטענדיקער שקירניק.

שמוליק קען זיך ניט כאַסמענען. שמוליקן טראָגט דער קאָפּ ניט אַף קיין גרויסע זאַכן, זיצט ער איצט אַף איינער פון די צוויי פורן און פאַרשעלט זיך דאָס געביין.

„לעמאַי איז ער געוואָרן אליין א באַלעבאָס?"

ער פאַרשעלט זיך דאָס געביין, ער איז צעפלויגן, און איין געדאַנק קלעפּט זיך ניט בא אים צום צווייטן. די האַרבאַרעס האָבן פון אים געלאַכט, אים אונטערגערייצט פונדערגרינג, און שמוליקן האָט געקלאַפּט אַ צאָן אָן א צאָן...

דאַרף ניט אויספאַלן שמוליקן עפענען א מויל און זיך צערײדן? שיר וואס ער וויינט ניט, אָבער ער רעדט!

און צו וועמען? צום קאָזיר-זירקאָ אליין!

— אדויני, — זאָגט ער, — שיק אונדז וואָס גיכער אָפּ, מיר זאָלן כאָטש באַווייזן אהיים פאַרפאָרן!

— ווארום וואָס? — פרעגט דער קאָזיר, גרויסהערשעריש און אָפּ-געהאַקט.

— ווארום מוזשיקעס מיט ביקסלעך האָבן אונדז באַגעגנט פאָרנדיק און האָבן אונדז געזאָגט, אז זיי גייען אַף אוורוטש, גייען זיי.

און בא שמוליקן קלאַפּן די ציינער אין מויל.

זינט דער קאָזיר-זירקאָ האָט זיך פאַרזיכטיק און גרויסמוטיק נאָך עפּעס דערפרעגט. דער קאָזיר-זירקאָ האָט זיך ניט געשעמט פאַר שמוליקס פור שקירניקעס און ס'האָט זיך בא אים ארויסגעכאַפּט:

„נו, גוט, מירן זיי ווייזן, אייערע מוזשיקעס".

אין דעם צווייטן צימער האָט דער קאָזיר עפּעס פאַראָרדנט, איז געוואָרן א גערודער. די אָנגעזויפּטע האָבן איגמיטן-דרינען געדאַרפט אופהערן טאַפּן אין די אידישע ליידיקע, צעביילטע הייזער. געוועזר האָט אָנגעהויבן קלינגען. און שמוליקס פור האָט מען געגעבן צוויי שאָמרים ביזן ארויס פון שטאָט:

„די שקירניקעס זאָל מען ניט אָנרירן".

און יענע האָבן דאָך נעבעך נאָך פריער עפּעס, אַלפּיטאָעס, געווען אַרויסגעשלעפּט פון דער פור. האָבן זיי עס גיך ארייַנגעלייגט אף צוריק, און מע פאָרט.

עפשער האָט טאַקע שמוליק באַגעגנט פאָרנדיק גאָיטשיקעס מיט ביקסן. און עפשער האט זיך אים נאָר אויסגעדאַכט אַזעלעכס, נאָר איצט האָט ער זיך שוין ניט פאַרשאָלטן דאָס געביין.

אידן האָבן פונקט געהאַלטן צווישן מינכע און מאַירעוו אין דעם קלייזל, וואָס אנקעגן שאָסיי, וועןביידע פורן זיינען נאָענט אהין צוגעפאָרן.

די שקירניקעס — זיי זיינען געוואָרן גרוי פאַר איין מעסלעס, אָבער נישקאָשע, זיי האָבן שוין וואָס צו דערציילן: כאָטש בעסאָד, כאָטש שטיל, כאָטש ניט דערזאָגטערהייט.

וויפל שטיוול האָבן זיי צוגעזאָגט געבן?

וויפל צען סלאוועשנעס ווען פאַר קיין צען יאָר ניט אויסאַרבעטן!

זעט איר שוין? מיין טאַטע איז אויך געפאָרן צו פעטליורען צום פריזעוו. אַהין פאָרנדיק, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעם מיין פאָר-פאָלקישן צימער. ער איז אַראָפּ פון פור און איז אַריין צו די קינדער זיך זעגענען.

קומענדיק צוריק, זיינען מיר שוין געווען בא אים. זאָל דער טאַטע דערציילן, ווי האָט מען דאָרט די שקירניקעס באגעגנט, און איידער מיר וועלן בלייבן ווייטער אף אַ צייט באַרויגעז, לאָמיר כאָטש איצט אפטרינקען איניינעם טיי.

---

מיט וואָס איז קאָזיר-זירקאָ אוועקגעפאָרן פון אוורוטש? ער איז אַוועקגעפאָרן פון אוורוטש מיט קאָלדרעס, מיט געוואַנטן, פון די לעצטע באַהעלטענישן ארויס, מיט אָנגעפרעסענע פּיסקעס און עטוואס דערשראָקן.

די באָלשעוויקעס גייען אף אים פון מאָזיר.

טאָ וואָס האט קאָזיר-זירקאָ געבעטן פאַרן אַוועקגאַנג?

זיינע שליכים זיינען געקומען צו לויפן און האָבן איבערגעגעבן, אַז קאָזיר-זירקאָ האט געבעטן — די שענסטע לייט פון שטאָט זאָלן ארויס צו זיי צום באַן. ער דארף עפּעס זאָגן.

און צי די אידן זיינען געגאַנגען?

יאָ, געגאַנגען. — דער פּער פון שטאָט, די וואָגיקסטע האָבן גענומען אונטערפרישן איינער דעם אנדערן און... ער וויל עפּעס זאָגן. און... מע מוז גיין. און... מע ווייסט נאָך ניט, צי זיי פאָרן שוין אוועק. און... מע קען אים ניט מעוואַזע זיין — מע מוז אויסהערן „זיין" רעטש אויך!

60, 70, 100 מענטשן זיינען אוועק צום באַן עפּעס הערן. דער באַן אָבער האָט נאָך צייט, ער קען נאָך מיטן אוילעם שפּילן, ווי א קאַץ מיט א מויז:

טאָ זאָלן זיי דערווייל וואשן די ווענט פון די וואגאָנעס.

זאָלן זיי זינגען לידער פון ציען.

זאָלן זיי וויזן די שטיוול — עמעצער פון זיי גייט דאָך נאָך, דוכט זיך, אין שטיוול, און...

זאָלן זיי פּאַטשן איינער דעם אנדערן אין די באַקן, און...

דער פּאַראָוואָז פייפט שוין, טאָ זאָלן זיי, די אידן, זיך אויסגלייכן און הערן — דער צוג גייט דאָך שוין אוועק!...

הערן איז שוין געווען וואָס. ס'איז אפילע געווען וואס צו זען אויך (ווען ס'וואָלט מיטאַמאָל ניט געוואָרן פינצטער אין די אויגן): דולעס פון ביקסן, רעוואָלווערן, שאָסן-קנאקן, רויך און בלוט.

עפשער זיינען זיי שוין אלע געווען אויסגעקערט מיט די נאַקנס צום לויפן, — פיס אָבער האבן זיי געהאַט קורצע.

דער באַן איז געפאָרן, ווי א פאַבריטשנע מאשין, און האט געקאָסעט און ניט געלייגט אין קיין גאַרבן, נאָר גלייך אין סטויג אַריין.

דער באַן איז אַוועקגעפאָרן, און אפילע קיין איין אויסגעפּוצטן פעט-ליוראָוועץ ניט איבערגעלאָזן אף קיין רעפוע. און אין א האַלבער שאָ ארום ערשט איז די שטאָט געלאָפן געוואוירע ווערן: —

„פאר וואס קומען ניט די שטאָטלייט אזוי לאַנג? פאַרוואָס האָט מען געהערט אזוי לאנג שיסן, און דער באַן האָט געפייפט (ס'איז דאָך אינ-גאַנצן א ווערסט פון שטאָט). עפשער א נייע מילכאָמע? נו, יאָ, — —

— — — — — — — — — — — — — — —

א שאָ האט געווערט דערקענען.

לעבעדיקע האָבן פרישע, נאָך ווארעמע פריינט געדאַרפט דערקענען.

יעדער נאָך-וואַרעמער פאַרבלוטיקטער קערפער איז געווען אָפּגע-שלעפּט אין א זייט. א הייפל לעבעדיקע פון ווייב און קינד, פון שוועסטער

און ברידער האָבן זיך אַנידערגעזעצט באַהיילן זייער אומגעריכטן וואַ-רעמען קאָרבן. הייפּעלעך, הייפּעלעך זיינען צוגעקומען מיט צעגרוילטע לייבער, מיט פּלוצלעכע צעבויטעטע אויגן. אינדערגיך געוואָרפן, געדער-קענט, געפונען,—און זיך אנידערגעזעצט אַפּריכטן די יעלאָלע. אָט פונקט, ווי נאָך דעם וואָלטן זיי געגאַנגען אהער שוין פון פריער צוגעגרייטע, אָדער ווי ס'וואָלט, עפּשער, געווען פון פריער אזא מינהעג. אַ פּאָלק-טאָג אזא, וועלכן מע דאַרף אָפּריכטן און קלאָגן: הייפל און הייפל — און איר קאָרבן, הייפל און הייפל — און איר אומפּאַרצוימטער גרוילנדיקער באַסקאָל.

באַפּעטיקט א פעלד מיט בלוט, און מע ווייסט ניט ווער איז דער באַלעבאָס פון דעם כיילעק ערד.

און אַנקעגן האט זיך א געפּעשל פון אן אנדער פּאָלק — א באָרוועס שיקסעלקע פון די אייזנבאַנער — זיך אַרופגעדראַפּעט אף א פּלויט און צוגעזאָדן געוואָרן: זי האָט עפּעס געזעען, אף עפּעס געקוקט און די אויגן אָפּרייסן ניט געקאָנט. — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

„פערציק אָן איינעם״ — האט דערנאָך אין א צייט א יונגערמאַן אריינ-געשריבן אין א בלאַט.

אַ פּאַרשטעקטע, א הילפלאָזע מאַציייווע:

„40 אָן איינעם״.

אָבער נאָך איידער מ'האָט געוואוסט קלאר דעם כעשבן „וויפל?״, איז שוין אוורוטש ווידעראַמאָל געלאָפן:

קיין נארינסק, קיין וועלעדניק, קיין סלאָוועשנע... און נאָך — וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן.

געלאָפן איז מען איצט, כאָטש קיינער האָט ניט געטריבן, — קאָזיר-זירקאָ איז שוין געווען ווייט; און היימישע שכיינים האָבן שוין ניט געהאַט צוליב וואָס יענעם שרעקן. — ווייל הייזער זיינען שוין ניט געווען קיין הייזער, נאָר ליידיקע צעביילטע כורוועס; א שטאָט — אַ כורווע.

לויפן זיך אידן און אידעלעך. און שכיינים כאַפּן זיך ארויס אף דער שוועל און צום טויער א קוק טון.

ווער ס'קוקט מיט ראַכמאָנעס און ווער מיט הוילן נייגיר אף עמע-צנס גאַליקן בייז-וואונדער.

---

# VII. צוריק קיין סלאָוועשנע

אוורוטשעווער אידן ניט-פאַרגינערס לאכן, אַז צו סלאָוועשנע וועט דער רועך אליין ניט צושטיין. פאַרגינערס אָבער זאָגן, אַז סלאָוועשנע איז ערעץ-איסראָעל. און זיי זיינען צופרידן... און קיין אוורוטשעווער זיינען שוין באַ אונדז ווייטער ניטאָ. כוץ די, וואָס וואוינען אין צוויי שטעט; זיינען זיי טאַקע צופרידן, וואָס סלאָוועשנע איז, אָנאנהאָרע, ערעץ-איסראָעל.

...אָבער פון דער וועלט נייסן הערן מיר ביטערע: אין פּראָסקוראָוו,— דערציילן די, וואָס לייענען די בלעטער,— אין פּראָסקוראָוו 3000 אידן צעהארגעט.

— וואָס איז עפּעס נאָר אידן?

— און דריי טויזנט?!

אָ, דריי טויזנט איז עפּעס צו אַ האמעטנע ציפער. ווי אַ טויבער זעץ מיט אַ קלאָץ אין מויעך ארײַן: דריי טויזנט! און אלץ זיי — די פאַרפלוכטע פּעטליוראָווצעס! דאָ, באַ אונדז, הערט מען שוין פון זיי ניט קיין זייכער, און דאָרטן בושעווען זיי נאָך. — דאָ איז שוין באַ אונדז אַ שטיק באָלשעוויקעס ארום-און-ארום. כאָטש באַ אונדז אין שטעטל איז נאָך ניטאָ קיינער פון דער וולאסט.

אידן עסן פּעטע קוגלען — סיי די קעפּ, סיי דער קלענערער אוילעם. פון ארום-און-ארום זיינען מיר איין שטיק באָלשעוויקעס-לאַנד. פאַר באָלשעוויקעס דארף זיך לעבן אידן גוט. און אָט האָט זיך שוין באַ אונדז געעפנט אַ סאָיוז מיט אַ קלוב: פון אוורוטש וועט מען אונדז צו-שיקן אינסטרוקטאָרן! אָבער וואָס נאָך? אין ראדאָמישלע און אַרום הערט מען עפּעס אַ סאָקאָלאָווסקען. „דריי הונדערט אידן, — זאָגט מען, — אין ראַדאָמישלע צעשגיטן". ראדאָמישלע איז פונדאַנען ניט אַזוי ווייט — 120—150 ווערסט, און פון ברוסילאָוו הערט מען, און פון טשערנאָבל. פּע! עפּעס פירט זיך אף דער וועלט זייער פּאַסקודנע! סטרוק, סאָקאָ-לאָווסקי, און ווייטער אמאָל סטרוק, און ווייטער סאָקאָלאָווסקי, און עפּעס

אַ זעליאָנע, און גריגאָריעוו. „אין סלאָוועשנע, פאַר הונדערטערלייַ, הערט מען ניט אַזעלכס״. די ווייבער נאָר, די ווייבער, וואָס גייען ארום איבער די דערפער, האָבן אָפּט צאָרעס. פאַראַן שלעכטע גאָים, וואָס האָבן ליב זיך אַ רייַץ־טון.

— וואָס, דו האָסט זיך גאָר ניט מוירע, ביילאָ, ארומגיין איבער די דערפער ?..

אַ צווייטע גאָיע דערציילט, אַז 5 סאָקאָלאָווצעס זייַנען געקומען הייסן און אָנריידן, אַז מע זאָל דאָ אויך טון אַזוי מיט די אידן, ווי מע טוט בּא לייטן ! — נאָר דער דאָרף האָט געענטפערט, אַז היגע אידן זייַנען ניט אַזעלכע. די היגע אידן זייַנען אַנדערע !

ס׳איז שעקער־ווּעקאָזאָוו ! דערווייל דארפן די דאָרפסגייער טראָגן אַף זיך די אכראיעס פון א גאנצער שטאָט מיט אידן !.. דערווייל ליידן די דאָרפסגייער כאַרפּע, ווייל יעדער, אפילע גוטער וואָרט טוט א שטאָך, ווי מיט אַ נאָדל !.. אָבער ס׳איז זיכער ליגן ! וואָרום ווי קומען אהער סאָקאָלאָווצעס ? דאָס איז איינס. וועהאשייניס, האָט שוין אוורוטש אָפּ־געפּאָקט, און פונדאַנען זייַנען זיכער אלע צאָרעס אַוועק !..

---

...שייעל מיט אָשערן, בּוזיקס ברידער, זייַנען שוין אַ קאַרג יאָר ניטאָ אין דער היים.

פאַרוואָס ?

פאַר גאָרניט !

זיי קנעלן ערגעץ אין א דאָרף הינטער אָלעווסק. און דאָרטן זייַנען די פּאָליאַקן, אָדער ווער ! פאַר זיבּעציק ווערסט פון אונדז זייַנען אָשערקע מיט שייעלן — און זיי זייַנען שוין אין אן אַנדער מעלוכע. ווען־ניט־ווען טראָגט עמעצער דורך א קאָנטראַבּאַנדע פון פּוילן צו די בּאָלשעוויקעס, ברייַנגט אַ צענטער אויך אַ בריוול, אין היטל איינגענייט.

און בּאַ אונדז אין סלאָוועשנע איז זומער. אָבער טאָקע ליבער זומער. און דער מאמע אונדזערער איז אין אנדערע פּראָטים אַ יאָם בעסער ווי פריער. מיר האָבן דאָך אַ בּעהיימע — די שוואַרצע בּעהיימע — (אָ, די מאַמע דערציילט זיך אָן אַסאַך כאָכמעס פון איר), און יאָסעלע, ראָכעלע מיט מיילעכן פארזוכן אלע טאָג מילך !..

אינדרויסן איז בּאַ אונדז שוואוועס, און אונדז איז גוט ווי דער וועלט. אומעטום בּאַקן זיך בּלינצעס. אנדערע בּלינצעס וועלן זיך „בּאָדן״ אין פּוטער, אַנדערע וועט מען „טונקען״ אין פּוטער, די איבעריקע וועלן נאָר „ליגן״ לעם פּוטער. אָבער בּלינצעס זייַנען אין גאָר דער שטאָט: יעדער הויף לאָזט אַרויס אַ בּעהיימעלע, און יעדער קוימען לאָזט אַ רויך פון

בלינצעס. מיין קליינע מאַלפּע איז היינט אויך זייער פּאַרנומען — דער שלייער דרייט זיך אַף איר. אָבער באַטאָג, ווען די אינגלעך וועלן זיין פריי פון דאווענען און די מיידלעך — פון קאָכן וואַרמעס, באַטאָג, ווען אלע וועלן אָפּעסן די בלינצעס, גיי איך מיט בוזין צו באַסיען אין קלוב אַריין. אין קלוב האָבן מיר אַרבעט. די אינגלעך קלייבן זיך אהין גערן, און דאָרט וועלן מיר לייענען, און דאָרט איז עפּעס דאָ מיטן אוילעם וועגן וואָס צו ריידן. כאָטש בוזי זאָגט, אז אין וואַאַד איז אַ סאַך טומל־דיקער. און כאָטש שטאָט איז סייווי באַשמעקט מיט בלינצעס פון עק ביז עק, און שטאָט איז מיט זיך יאָנטעוו־צייט מוירעדיק צופרידן — מע שמעלצט זיך אַזש פּאַר נאַכעס...

---

יעדער ווייסט, אַז זומער פּאַרמאָגט אַ כוידעש טאַמעז. אָבער סאָף סיוון איז שוין אויך גוט וואַרעם, און בא די האַרבאַרעס אַף די הויפן טריקנט זיך שוין קאָרע. ווער ס'האָט האַנאָע פון שיינע טעפּיכער אונ־טער די פיס, ווער פון באַגאָלדעטע קיילים, און האַרבאַרעס קווען אָן פון פרישער קאָרע, ווען זי טריקנט זיך אין הויף. אי, פרישע קאָרע שמעקט זיי בעסער פון לעקעך, טרוקענע פּעל — בעסער פון געבראָטנס, און דזשעגעכץ בעסער פון עפּל־וויין. און ס'מאַכט ניט אויס — אַז ס'איז דאָ קאָרע, פּעל, קאַלעך און דזשעגעכץ, איז דאָ לעקעך, געבראָטנס, פּעטע קוגלען און געוואַרעמטער בראָנפן. יאָ, אונדזערע האַרבאַרעס טרי־קענען איצט קאָרע איבער די הויפן. באַטאָג — צעבונדן די גאַרבן און אויסגעשפּרייט אַנקעגן דער זון, פאַרנאַכט — צונויפגעבונדן און אין סטאָס אַריין. טרעפט זיך אַ כמאַרע — טאָ כאַפּ וואַרף אַוועק אלע אַרבעטן און לייג צונויף, טראָג צונויף די קאָרע אונטער א דאַך!

אַזוי בין איך אַרומגעגאַנגען מיט יעשועון, כ'האָב געהאַט אַ פרייע „אינסטרוקטאָרסקע" שאָ. פּלוצים זיינען אַוועק שליכים נאָך מיר איבער דער גאַנצער שטאָט: ס'האָט זיך אָנגעכמאַרעט און ס'ליגט א הויף מיט קאָרע!

מיך קאָם אָפּגעזוכט און אוועקגערופן.

אינדערהיים איז שוין די מאַמע בייז געשטימט. די קינדער, די אַר־בעטער, שכיינישע קינדער: מ'טראָגט קאָרע! ווער מיט א שטריק, ווער מיט אַ האַנטעך און ווער גאָר אין די הענט! אומעטום טראָגט מען זי: אין הויז פון שטוב, אונטערן קעסל, אין שטאַל צו די בעהיימעס, — צום פערד און אונטערן שאָפּע... מ'דאַרף אַרויסראַטעווען די קאָרע פון דעם רעגן!

באַ מיין מאַמען האָב איך שוין דאָסמאָל גאָרניט אויסגענומען:
„איך גיי זיך ארום און שפּאַציר, און בא איר וועט באלד אָפּגענעצט ווערן אַ הויף מיט קאָרע!״.

בא וועמען — היי, באַ וועמען — טוואוע, און בא די הארבארעס — קאָרע. ס׳ווערט א גאנצער טראסק!

---

בוזי האָט מיך איבערגעפרעגט:

— וואָס איז דאָרטן געווען פאר אַ טראַסק, אין האַרבארני, וואָס מע איז דיך דריי מאָל געקומען זוכן?

און איך האָב איר דערציילט:

— דער טאַטע איז ניטאָ אין דער היים, אַ הויף מיט קאָרע האָט דאָרט געזאָלט געווען פאַרנעצט ווערן...

און דאָס איבעריקע ווייסט זי שוין אַליין, בוזי, אַז די מאַמע קען ניט פאַרשטיין, וואָס הייסט איך פיל זיך ניט מאַיסע-באַלעבאָס באַ איר אינדערהיים? און ס׳אַרט מיך ניט פאַר דעם, וואָס בא זיי קומט פאָר אַפן זאַוואָד?

„וועמען דאַרף אַרן, אַז ניט מיך?״

און צווייטנס:

„וועמען וועט עס אַריינקומען איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, אַז ניט מיר?״

יאָ, בוזי ווייסט שוין דער מאַמעס טאַינעס. און אינדרויסן באַ אונדז איז סאָף סיוון. סלאָוועשנע איז פול מיט זון און מיט זעט, אין סלאָ-וועשנע איז נאָר אַ מאַנגל אַף זאַלץ. דאָס יאָ, זאַלץ, מישטיינס געזאָגט, איז פּלוצים געוואָרן אַ סכוירע. זאַלץ האָט מען אופגעהערט האַלטן אין פעסלעך און מע האַלט זי אין זעק. און דאָס — באַהאַלטן. אויבן-אויף אויב מע האַלט, איז אין טאָרבעלעך... דער אָרעמער אוילעם, דעריקער פּוי-ערים, האָבן זיך וואָס צו מוטשען איבער דער פאַרשאָלטענער זאַלץ. פון די דריי אומגייענדיקע מאַטבייעס: געלט, זאַלץ און קאָרן, איז זאַלץ געוואָרן דער גרעסטער מעיוכעס. די ווייבער אין די דערפער אַריין האָבן אָנגעהויבן טראָגן ווינציקער טעפּ און מערער זאַלץ.

„אין דאַרף פאר זאַלץ וועסטו קריגן אַלץ!״

„האָסטו נאָר אַ פודל זאַלץ אין שטוב, וועסטו שוין האָבן פון אַלדאָס גוטס אין שטוב!״...

און אין אַ מאַרקטאָג צווישן די וועגן טראָגן אַרום די ווייבער ניט קיין טיכעלעך געלט, ווי אַמאָל, נאָר אַרבעלעך זאַלץ.

— וואָס ווילסטו פאַר דעם האָן?
— אַ פונט.
— פאַר דעם דייזשקעלע?
— אַ האַלב פונט.
— פאַר דעם וואָגן האָלץ?
— צוויי פונט.
— פאַר דעם וואָגן היי?
— 6 פונט.

אַ מאָדנע וועלט! זיצסטו אין שטוב, האָט זי נאָך אַ פּאָנעם פון אַ וועלט, אין מאַרק אָבער איז די וועלט אַן איבערגעקערטע!

אַ פויער ברײנגט צו שלעפּן א וואָגן האָלץ, ווי אַ שטויג. ער מיט די כאַיעס האָבן אַף דעם געהאָרעוועט אַ מעסלעס. און צוריק פירט ער אין אַ טאָרבעלע אַפּן דנאָ אַביסעלע קויטיקע זאַלץ. און אויב געמאָלענע, האָבן שוין זי די פויערים אויסגעפּראוווט — זי איז ניט געזאַלצן! ווייזט אויס, געמישט אַפּדערהאַלב מיט קרייד אָדער מיט מעל.

יאָ, סע זיינען פאַראַן היינט באַלאָנים אף קאַרגן אַ פונטל.

מער פאַלשקייט בא זאַלץ היינט, ווי בא זייד.

גיי, דערציייל זיי, אַז מע טאָר ניט פעלשן קיין פונטל, אַז מע טאָר ניט באַשווינדלען קיין פויערשע מי. ניטאָ קיין זאַלץ — איז אַלעמענס צאָרע! אָבער באַשווינדלען יענעם אין זיין הונגער — איז ניט שיין!

פאַראַן אָבער ווייבער, — אַלמאָנעס און אַזוי יונגע לייט אָן פּאַר־נאָסע,— קומט בא זיי אויס, אַז זיי האָט גאָט אַליין ערלויבט געבן דריי אַכטל פאר אַ פונט. איינמאָל איז דאָס פּיקועך-נעפעש, און צווייטנס — „אַן אַנדער ברײרע האָבן זיי?"

יאָ, אַ הונגער אַף זאַלץ — און אַן עק! כאָטש ניט בא אַלעמען:

באַלעבאַטים אידן און באַלעבאטים פויערים האָבן אין שטוב צו פודלעך זאַלץ. אידן האָבן פון זייער מיסכער אָדער מעלאָכע, און פויערים האָבן פאר פור-געלט, וואָס קרעמער שיקן זיי אין נעסיעס. פון אָרעמע אידנס וועגן אָבער און פון אָרעמע פויערימס וועגן איז מער ניט אַראָפּ־געשיקט געוואָרן, ווי ניין פּוד זאַלץ אַף דער גאַנצער וועלט. און זיי דאַרפן זיך קריגן כעיונע דערפון. דאַרפן האַנדלען צווישן זיך און זיך אַמפּערן, דאַרפן זיך קריגן, זיך טיילן און זיך דינגען; פאַרזוכן אָבער— ניין! סיידן אַפּן שפּיץ מעסער. אַזוי די אידן, אַזוי די גאָים. קיין ברויט זאַלצט מען אינגאַנצן ניט. געקעכטס — עטוואָס! אַ קינד קען אַמאָל אָפּ־כאַפּן די עמעסע באָד, אויב מע דערכאַפּט אים בא דעם זעקעלע זאַלץ.

יאָ, אַף זאַלץ איז באַ אונדז אַ הונגער—און אַן עק!

אַף די פּריזבעס וועט איר הערן רעדן פון זאַלץ, שאַבעס נאָכן שלאָף, — פון זאַלץ. מ׳לייט איינער באַם אַנדערן, מע צאָלט כּיוועס — מיט זאַלץ. דער שאַבעס-גאָי גייט נישט אַנדערש, נאָר פאַר זאַלץ. אַ שאָ און אַ שאָ — און מע רעדט שוין וועגן נאַדן פון זאַלץ.

דרייסיק פוד זאַלץ — נאַדן!

אַ פור זאַלץ — נאַדן!

אָבער אַזעלכס הערט מען ניט באַ אונדז, אַזעלכס הערט מען אין די דערפער, וואָס צווישן אונדז און פוילן. דאָרט האָט זיך פאַרפירט אַ גרויסע קאָנטראַבאַנדע. דאָרט באַקן זיך אויך שידוכים אַפן טוץ. צאָלט מען טאַקע דאָרט נאַדן מיט סאַכאַרין, מיט פאַרב און מיט זאַלץ.

און באַ אונדז איז סאָף סיוועז אין שטעטל. אינדרויסן — ליבער זומער, די גערטנער זאָגן פיל צו. נאָר טאַקע ווייטער — כּוץ די אוגער-קעס. יענע וועלן הייגטיקס יאָר ניט האָבן קיין גוטן סאָף.

— ?

— ס׳וועט ניט זיין מיט וואָס צו זאלצן.

דערפאַר איז היינט אַ גערעטעניש אַף ווייגשל: אַ וואָך און אַ וואָך וועט מען אין סלאָוועשנע האַטען גרעבלעס מיט ווייגשל.

---

... זאָגן, אַז מיר לעבט זיך גוט — איז ווינציק. זינט איך לעב — האָב איך נאָך אַזאַ גוטס ניט פאַרמאָגט! און בעסער — זאָגט מען — האָט קיין שיר ניט.

נעמען נעמט זיך עס פון דעם, וואָס אַ מיידעלע וואַרט אַף מיר אַלע טאָג אין שטוב, ווען איך גיי אַהיים פון דער אַרבעט. און אויך פון דעם, וואָס איך אַרבעט שווער, איך פאַרדין אָרנטלעך, און מיר עסן אוף זיס.

בוזי פאַרשטייט נאָך, ווייזט אויס, ניט ד׳עם איקער סייכל פון ז׳ער זאַך. דאָס הייסט — ס׳אַרט זי ניט, וואָס איך בין אַ באַלמעלאָכע, אַ מענטש באַ יענעם. נאָר די גווירים, — זאָגט זי, — די גווירים דערוואַרגן זיך אויך ניט מיט קיין קניש! — זי זאָגט אָפּ אַמאָל אַזאַ ווערטל און צעלאַכט זיך הילכיק און קלינגענדיק.

אָ-האָ! איר געלעכטער איז באַ מיר ווערט אַסאַך!

און זי איז טאַקע בעפראַטער און בעפראַטער געראָכט. אין האַרצן ווייס איך אָבער, אַז זי פאַרשטייט ניט קלאָר די ריכטיקייט פון ד׳עם איניען. זי האָט זיך, ווייזט אויס, ניט דערקלערט צו דעם, ס׳אַ גרויסער פאַרברעכן עס איז — ווערן רייך פון פרעמדער האָרעוואַני. אַז זי וועט זיך דערטראַכטן צו דעם, וועט זי אָבער אַליין זען, אַז ס׳איז שוין

אַסאַך בעסער אַרבעטן באַ יענעם — אַפּילע גאַנצע האַלבע מעסלעסן ניט האָבן אַף זיך צו שאַפן — ווי זיין אַ גוויר און זויגן פרעמד בלוט.

מיין מאַמע, אונטער א יאָנטעוו, אַז זי ווינטשט מיר: — לעכאַים, מיין זון! גאָט זאָל העלפן, דו זאָלסט זיין אַ באַלעבאָס און האַלטן אַליין מענטשן, — ווייסט זי ניט, אַז ס׳וואָלט מיר געווען אַסאַך ניכער, זי זאָל מיר שוין גאָרניט ניט ווינטשן. כאָטש מיין מאַמע איז באַ מיר אַזוי טייער, אַז נאָך יעדער גוט וואָרט נאָך אירן בין איך גרייט גיין דריי־סיק ווערסט צופוס.

איצט איז מיר אין דעם זין אויך בעסער, איצטער אַרבעט איך, קען מען זאָגן, ניט באַ קיין באַלעבאָס. איך אַרבעט בא אַן אַרבעטער — באַ הערשל יאָנטלס. ער איז ניט לאַנג געקומען פון כאַיל. האָט ער אופגע־קליבן זיין געזינד, זיך באַזעצט אין אַ דירעלע אַרום דעם פעטער זאַל־מאנען און האָט זיך געשטעלט אַרבעטן: ער ענדיקט אַרויס סכוירע פאר פעטריקאָווער סאָכרים. גרויסע פאַדריאַדן סכוירע ענדיקט ער זיי אַרויס. און ער וואוינט אַ שטוב לעם אַ שטוב מיטן פעטער זאַלמענען. דאָרטן האָט ער אַ גרויסע שטאַל, וואו מיר אַרבעטן, אַפן פעטער זאַלמענס פליטן טריקענען מיר טאַקע די סכוירע באַם גלעטן און באַם שוואַרצן.

איצט לעבט זיך האַרבאַרעס ביכלאַל גוט. סטאָליאַרעס, מעלאַמדים, מוליאַרעס, קרעמער־אינגלעך און אפילע באַלעגאָלעס, — אַלע האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אין די האַרבאַרניס אַריין, די האַרבאַרעס האָבן היינט אַרבעט און האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן. פאַרשטייט זיך, אַז איך נעם שוין גוטע פרייזן, ווייל איך ארבעט אין טרוקענעם ווערקשטאַט און קאָן גוט אויסקאָנטשען אַ יוכט.

גוט לעבט זיך מיר, וואָס מ׳דאַרף ניט בעסער. אַפילע דעם פעטער זאַלמענען מיט דער סיווער באָרד שעם איך זיך אויך ניט און זאָג אים אויס, אַז מיר איז גוט, און שטענדיק, ווען איך גיי אַהיים פון דער אַרבעט, בין איך אָנגעלאָדן מיט אינעווייניקסטער פרייד: אינדערהיים איז ריין און שיין, אינדערהיים איז בוזי, און אינדערהיים זיינען פאַראַן אַ פּאָר ביכלעך.

ווען לייען איך ביכלעך, פרעגט איר?

פאַרטאָג. ווען בוזי שלאָפט נאָך.

און אַ האַלבע שאָ פאר איר אופשטיין בין איך שוין צוריק לעם איר.

דענסטמאָל הייבט זי זיך אָן אופוואַכן. זי איז פריש, ווי אַ קינד, זי איז צעפּעסטעט, ווי אַ בלום אין גאָרטן, און דאָ הייבט זי אָן מיט פאַרשלאָפענע אויגן און ווארעמע נאַקעטע הענט מיך זוכן, צי ס׳האָט

זיך באַ איר ניט געטראָפן קיין געניייווע, צי איך לייען דאָרט ניט „די ביכלעך" אום גאַנץ פרי — ווינטער באַם לאָמפּ און זומער באַם פענצטער.

ניין, איך לייען ניט! איך בין דאָ אין איינער וועש אף אונדזער ווייסער בעט דאָ, לעם איר. און דענסטמאָל נעמט זי זיך ערשט פרייען, ווי אַ קינד, מיט מיין גלייכער נאָז, מיט מיינע ברעמען, זי דרייט מיר די אויערן און וועקט מיך אַף צוקלוימערשט.

מיך דאַרף בוזי לאַנג ניט וועקן. איך בין אַלע רעגע גרייט זי ליב האָבן, איר אויסקושן יעדער אייווער. יעדער נעגעלע אירס אויסקושן! אַ טייער קינד איז זי באַ מיר, אַ פריש, אַ בליענדיקס. זי צעעפנט אַף מיר אירע אויסגעשלאָפענע אויגן, זי זשמורעט זיך און לאַכט. זייער שפּעט וואָלטן מיר שוין געטרונקען ציקאָריע, ווען איך דאַרף ניט גיין צו הערשקען, צו די פּעטריקאָווער יוכטן, אף אַנטאָנאָוויטשער גאַס. אָבער סייווי איז מיר אַלץ באַשאָטן מיט כיין. אַפילע די אַנטאָנאָ-וויטשער גאַס, אפילע די פּעטריקאָווער יוכטן און אַפילע... אפילע דעם הינטישן קלימס אייניקלעך פונם עלטערן זון, דעם פעטער זאַלמענס שאָכן, וואָס פון יענער זייט פענצטער. פאַר וואָס דעם „הינטישן" — וועט איר מינאַסטאַם שפּעטער וויסן...

---

יאָסעלע מיט מיילעכן קומען אָפּט צו מיר מיט שטאָפּעטן... אָבער דעריקער שפּילט זיך יאָסעלע אין די גרענעצן פון מיין טאַטנס „גיטער". דאָרט האָט ער, אייגנמאָל, הערשעלען פאַר אַ כאַוועדל; דאָרט זעט ער אַסאַך נייס פאַר זיך: אַ פערד מיט אַ וואָגן, אַ האַרבאַני מיט ביטן, מיט גריבער און מיט אַסאַך „נאַסע פעל": די אַרבעטער שאָבן די „פעל". די אַרבעטער טוען אים אָפּט אַ שרעק: צי וויל ער זיך ניט באָדן אין ביט?

ניין, ער וויל ניט! — און ער כאַפּט און אנטלויפט פון האַרבאַרני.

אין שאָפּע קלאַפּט מען דאָרט דוב, דער פערד דרייט זיך אַרום-און-אַרום דער מאַשין מיט פאַרבונדענע אויגן און שלעפּט די ראָד. דאָרט דאַרף מען זיך היטן, דער קאָפּ זאָל זיך ניט פאַרדרייען, מ'זאָל ניט אונטערפאַלן אונטער דער ראָד, און דער פערד זאָל דיר ניט פאַרטרעטן קיין פוס. און טאָמער אַ האָר אין דער זייט — שרייט ער אָן, דער אַלטער נאַפּטאָלע, שרייט אָן, אַז ס'איז סאַקאָנעס!

וואָס נאָך איז דאָ אין הויף? — צוויי ברונעמס, און מ'שלעפּט פונדאָרט הונדערטער עמער וואסער — און פליוך אין קאָרעטע אריין!

ווייטער ליגט אויסגעשפּרייט דוב און טריקנט זיך. אַסאַך זעט ער, יאָ־סעלע, באַם מעכוטן אין הויף. נאָר ווען איז אים די הארבאַרני גאָר צום טאַם — ווען ער האָט עפּעס מיט הערשלען אַליין אַן אַרבעט, ניט נאָר קוקן, ווי יענער טוט. אַזוי האָבן זיי איינמאָל אויסגעבאָדן דעם מומעס קליין קעצעלע אין קעסל. זיי האָבן דעם ניט געמיינט, כאָלילע, קיין שלעכטס, דעם קעצעלע, זיי האָבן עס נאָר אויסגעבאָדן אין קעסל, און נאָך עס געקלערט אויסצוואָגן. נאָר אַזוי ווי זיי האָבן עס ארופגע־לייגט אף דער פּריזבע, ס׳זאָל זיך אַביסעלע אויסטריקענען, האָט עס שוין מער ניט געקענט לעבן, דאָס קעצעלע.

די יאַטן האָבן זיך אַפילע גענומען צום הארצן פון אַזאַ שפּיל, אָבער גלייך איז אויסגעוואָקסן אַן אַנדער שפּיל אין אַ נויטווענדיקייט: צונויפרופן אַ פּאָר אינגלעך, מאכן אַ לעוואיע און באַגראָבן דאָס קעצעלע!...

ווייטער האָבן זיי געהאט צו טון מיטן אויסגעשפּאַנטן וואָגן, האָבן זיך געביטן צווישן זיך מיט פּענעס. און קיין ארבעט האָט ניט אויס־געפעלט.

דער טאַטע מיט דער מאמען האָבן זייער שיין אופגענומען יאָסע־לען און ראָכעלען — „דער מעכוטענעסטעס קינדער". און יאָסעלע מיט ראָכעלען — איז ניט געווען דער טאָג, זיי זאָלן זיך ניט שפּילן באַם „מעכוטן" אין הויף. און דאָרט איז דאָך אַ הויף פול מיט מיכיע און מיט אלדאָסגוטס. איצט שיט מען דאָרט אָן ווײַנשל אין די בוטלעס. גאנצע עמער ווײַנשל ברײנגען די דערפער פּאר פעל אויסארבעטן. זיי האָבן ליב מיין טאַטן, די גאָים, ער מאכט זיי אויס גוט די פעל. ער בייט זיי זיי קיינמאָל ניט אונטער, און זיי פאַרגינען מיין טאַטן די עמער ווײַנשל. היינט איז אַ גערעטעניש אף ווײַנשל. איצט שיט מען אָן די ווײַנשל מיט צוקער, אנדערע ווײַנשל קערלט מען אף פּרעגלען, און יאָסעלע מיט הערשלען זיצן דערווייל אין אַ ווינקעלע שטילערהייט און שפּילן זיך. יאָסעלע פאַרהערט זיך די לידער, וואָס ער קען. און לידער קען ער אַסאַך: ער קען „מאַרסעליעזע", און ער קען „אויד לוי אָוודאָ" און „איס אינטערנאַציאָנאַלאָם", און נאָך, ווי „ס׳גלאַנצן די שווערדן אף דער זון"... פּלוצים דערמאָנט זיך די מאמע און שלאָגט איבער אינ־מיטן דעם פאַרהערן. פריער האָט זי זיך אַ אישעוו געטון מיט די קינ־דער, און דערנאָך אַ רוף געטון יאָסעלען.

— יאָסעלע, ראָכעלע, קומט נאָר אַהער!... גייט, זאָל בוזי קומען מיט אייזיקן, זאָלן זיי ברײנגען קיילים און אָנעמען ווײַנשל אַף פּרעג־לען. שוין זאָלן זיי קומען!

און ראָכעלע איז אַ קינד אַ שטיפערן, פרעגט זי :

— וואָס עפּעס מיט אייזיקן ? און אליין אז זי וועט קומען ?...

די מעכוטענעסטע מיט די קינדער האָבן זיך צעלאכט, און ראָכעלע האָט זיך פלוצים פאַרשעמט פאַר איר אַרויספּאַר.

— גערעכט, גערעכט, — פאריכט שוין די מאמע דעם גרייז — גערעכט. זאָלן זיי אָבער קומען, די קינדער, און אָנעמען וויינשל, וועלן מיר פרעגלען איניינעם.

יאָסעלע האָט געמוזט אופהערן זיך פאַרהערן, און צוויי פאָר באָרוועסע פיטלעך, יאָסעלע און ראָכעלע, האָבן זיך אויסגעסטראָיעט אין אַ שטאפעט : גיין רופן די קינדער, זיי זאָלן אָנעמען בא דער מעכוטענעסטע וויינשל.

יאָסעלע גיט איבער אָרנטלעך, ווי גאָט האָט געהייסן, און ראָכעלע לאַכט און שטיפט. אפן „כייש" רעדט זי, און זי איז אַ גרויסע שטיפערן :

— גייט שוין, גייט שוין ! — שטופּט זי אונדז, — נעמט אָן בא דער מעכוטענעסטע וויינשל !...

די יאַטן כאפּן באַ אונדז אַ נאַש פון וואָס ס'איז נאָר דאָ און זיי אישעוון זיך, צי האָבן זיי נאָך צייט גיין צוריק צו דער „מעכוטענעסטע" זיך שפּילן.

---

דער נייער נאַטשאַלניק מיליציע — צי ער איז אַ וואוילער גוי ? ווייזט אויס, אַז זייער אַ וואוילער !

ערשטנס, האָט ער לעם זיך פינף מיליציאָנערן, אַלע היגע, מיר קענען זיי בא די נעמען. אפילע טימוך לוכטאַנס (אָט דער הויכער, שיינער סאָלדאַט, מארקעס ברודער) איז אויך אין מיליציע. און צווייטנס, איז ער מיט אלע אונדזערע גאָים אַ גוטער-ברודער, ער האלט מיט זיי אין איין רעדן, אין איין סוידען זיך. מאַרקאָ און קלימס זון (אַ קורצער, ווי דער טאַטע זיינער, אַ כיטרער, אַ פאַרזעעניש, אַ געלערנטער : ער האָט געענדיקט אונדזער שול פון ביידע קלאַסן, אַ פאַרשוין פון 20 יאָר, און איז אַ שרייבערל אין וואָלאָסט), אַפילע מאַרקאָ מיט קלימס זון זיינען אָפּטע איינגייערס אהין.

ער האָט, ווייזט אויס, ליב אַ אידן אויך, דער נאַטשאַלניק מיליציע אונדזערער, ער האָט דאָ אַנומלטן באַשטעלט אַ וועטשערע באַ אַ אידן (דער „וואָיט" רופט מען אים, דעם אידן, באַ אונדז. מיסטאמע איז דאָ פאַרוואָס). ער איז אונדזער באַלעבאָס אַ שאָכן, דער „וואָיט", האָט מען בא בוזין געליגן אַהין אונדזערע גאָפּלען מיט די לעפל.

ווייטער איז דער נאַטשאַלניק ארומגעגאַנגען אין איינעם אַ טאָג (דינסטיק איז דאָס געווען, אף מאָרגן נאָך דער וועטשערע) איבער די האַרבאַרניס. אָבער ס'איז גאָר געווען אַ טאָעס, וואָס מ'האָט געקלערט, אַז ער גייט מאכן פראָטאָקאָלן פאַר „טשיסטאָטאַ". ניין, עס הייבט זיך גאָרניט אָן! — אַזוי זיך. ער איז אַ פרישער מענטש, איז ער זיך אַרומגעגאַנגען מיט אַ מיליציאָנער איבער די האַרבאַרניס אין אַ מיטן זומערדיקן טאָג. ער וויל זיך באקענען מיטן שטעטל.

— וויפל, — פרעגט ער, — קענען פאַרוועגן אָט די אלע יוכטן, וואָס טריקענען זיך אָט דאָ אף די רעשטונקעס?

— איך ווייס? אַ קלייניקייט! — ענטפערט דער באלאַבאָס מיט די פאַרקאַטשעטע ארבל און אין דעם לעדערנעם פאַרטעך. — אנקעגן וואָס פרעגט איר דאָס, פאַניע כאוועך?

— אַזוי זיך, — ענטפערט ער גוטמוטיק, — אַ מענטש דארף אלצדינג וויסן אין זיין לעבן. ס'קען אים אַמאָל צו נוץ קומען.

אַ בעריע אַ פאַרשווינדל, דער נאַטשאַלניק אונזערער! ער גייט זיך וואָכעדיק אָנגעטון און גאָר אָן געווער, נאָר מיט אַ שטעקעלע אין האנט.

— נאָך וואָס האָט ער עס געקענט ארומגיין ארום אלע הארבארניס? — פרעגט אונדזער יונגע באלעבאָסטע.

איז דער באלעבאָס ניט צופרידן, וואָס זי פרעגט, און ער שרייט אויס:

— הייב זיך אָן מיט ווייבער! עפשער וואָלסטו אים געגאנגען פרעגן?

און אים אליין, דעם נאר, איז דאווקע אויך ניט אזוי גוט אפן הארצן. „טאַקע אינדערמעסן, נאָך וואָס איז ער ארומגעגאנגען איבער די האַרבארניס, אָט דער נאטשאלניק?"

— דו ווייסט וואָס? — מאכט ער צו דער ווייב, — מ'דארף אים אָפּקאָנטשען אַ דינעם בוקאט און אוועקטראָגן!..

און ס'איז אים „שוין" אין דערזעלבער רעגע געוואָרן גרינגער אפן הארצן.

— וואו וואוינט ער, דער נאַטשאַליק, וואו וואוינט ער עס?

— וואָס איז, איר ווייסט ניט וואו? אין מאַרק. באַ פייגלען אַווראָמבערס אין דער דירע!...— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

שוין אַ וואָכן פיר, אַז מיר האָבן אים, דעם נאַטשאלניק. האָט ער זיך זיין מיליציע אין מארק, טאַקע באַ פייגל אַווראָמבערס אין דער בייער הילצערנער דירע.

———

ס'איז געווען אַ טאָג אַזאַ מין, דינסטיק (ס'איז טאַקע דערזועלבער דינסטיק, ווען דער נאַטשאַלניק איז אַרומגעגאַנגען איבער די האַרבאַר־ניס), אַ שיינער, אַ פיינער, אַ ציכטיקער, אַ ליכטיקער דינסטיק: וואָס דאַרף מען מער? — אַ זומערדיקער!... און מיט אַלע טשאַקן! — גערשטן וועט זיך שוין באַלד שניידן אַף די פעלדער. סוניצעס מיט מאַלינעס האָט מען שוין אָפּגעגעסן. איצט עסט מען שוין ווייַנשל אַפּן פולן מויל, און אַף עלטערע אידן דערקענט מען, אַז זיי פאַסטן. יאָ, ס'איז דאָך טאַקע היינט אַ טאָנעס: זיבעצן טאָג אין טאַמוז...

אַ האַלבער טאָג אַרבעט איז שוין בײַ מיר פון יענער זייט פּלייצעס. די הענט זיינען פּאַרפּעטיקט פון בליאַקירן, די פינגער ברעכן. נאָר ס'מאַכט ניט אויס — אַזוי איז דאָך שטענדיק, אַז מע אַרבעט. און אינדערהיים האָב איך נאָך געטראָפן אַ גוטע יעדיע. דעם אוילעם איז פריילעך, די מאַמע כאַיטשיק איז היינט ניט געגאַנגען אין דאָרף!

— וואָס איז?

— ס'האָבן זיך דורכגעריסן בריוו פון אַמעריקע!

— אַי־אַי־אַי־אַי!

— אַנו, ווייַזט נאָר!

— טאַקע פון יוליקן אַ פּאַק מיט בריוו!

ס'דאַרף מיר ווערן פריילעך, אַז — נו! אין אַכט וואָכן אַרום האָבן מיר שוין פון אים דאַווקע די עמעסע צופרידענע בריוו!.. אַ שאָד נאָר, וואָס אָשער מיט שייעלן זיינען ווייט.

— און נאָך „אַמעריקאַנקעס" פרייען זיך היינט?

— יאָ, יאָ! נאָך „אַמעריקאַנקעס".

אַה! אַה! איך ווער פריילעך.

נאָר אין שטוב דערקענען זיי, מיינע לייט, אַז איך בין גאָר ניט פריילעך. טאָ וואָס איז? טאָ וואָס האָט זיך, לעמאָשל נאַפרימער, געקענט טרעפן — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער מיר אַפן האַרצן איז גוט פּאַסקודנע... יאָ... מע רעדט אין שטעטל פון אַ... פּאָגראָם.

— אַלע בייזע וויסטע כאַלוימעס צום גאַלעכס קאָפּ!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַ בוזין האָבן זיך אָנגעפּוישט די לאָקן, דער פּאָנעם האָט זיך איבערגעביטן, און די מאַמע איז אַרויס אין גאַס עפּעס הערן.

מיין בעזדעטנע באַלעבאָסטע איז ווי אַ דאַרע בייזע קוואָטשקע אַריין, ניט קוקנדיק אַף קיינעם מיט אירע קליינע, בייזע אויגעלעך אינם

קיילעכדיקן, פאַר דער צײַט צעקנייטשטן פּאָנעם. אַ מאָדנעם עלנטן אויסזען האָט זי פלוצים באַקומען, מיין באַלעבאָסטע.

...אייגנטלעך, ווייסט מען דאָך נאָך פון גאָר ניט, נאָר רעדן רעדט מען פון אַ פּאָגראָם.

גיי גיב אַ זאָג אונדזערן אַ אידן — פּאָגראָם! וועט ער דיך פרעגן, מיט וואָס מע עסט עס.

סלאָוועשנע האָט, האַלעוואַי אַף ווייטער, פון אַזעלכע צאָרעס ניט געוואוסט. יאָ, נו, אָבער מע ווייסט נאָך ניט אַף געוויס.

— — — — — — — — — — — — — — —

אין גאַס שטייען טאָנעסדיקע רעדלעך מיט עמעס-פאַרדרייטע קעפּ: און מאָדנע! — אידן זיינען געוואָרן אַזוי, ווי ס'האָט זיך פון זיי פלוצים אָפּגעטון דער מענטשלעכער שאָטן.

ס'זיינען דאָך שוין דאָ געווען אוורוטשער אידן „נאָך" אַ פּאָגראָם, זיינען זיי ניט געווען אַזוי אָפּגעלאָזן, ווי אונדזערע „פאַר"! איידער מע ווייסט נאָך פון עפּעס-וואָס צו זאָגן.

אין גאַס, אין אַ רעדל:

— פון וואָס זאָל זיך נעמען אינמיטן-דרינען אַ פּאָגראָם?

— ווער ווייסט?

— וואָס הייסט — ווער? מ'ווייסט שוין פון שאבעס אָן!

— וואָס ווייסט מען?

— גאָרניט ווייסט מען ניט! אַז ס'איז אָנגעקומען די וויסטע בסורע פון די „קניגעס"! דער גאַלעך זאָל איבערגעבן די „קניגעס" מיט די „מעטריקעס" אין „סאָיוז" אַריין!... זיינען זיי זייער אריין אין דער רעציכע.

— אין וועלכן „סאָיוז"?

— אַי, אין וועלכן — אין שמעלכן! אַ איד שטעלט זיך דיר אַוועק פרעגן קאַשעס!...

אין אַ צווייטן רעדל:

— איך גיי ערשט פון אים, פון דעם קובלינעץ.

— נו??

— ער זאָגט... ער זאָגט, ס'איז ניטאָ פאַר וואָס מוירע צו האָבן, ס'איז גאָרניט מיט גאָרניט.

— עפּשער איז עס טאַקע אַן אויסגעקלערטע זאַך?

— גיי ווייס!...

אין אַן אַנדער רעדל:

— שווער צו וויסן, נעכטן איז באַ מיר געווען מיינער אַ שאָכן... טאַקע אַ קאַפּאָרע מיינע. ס'זאָל געווען עפּעס זיין, וואָלט ער דערציילט

— צי דען-זשע הערט מען שיידים ארום אונדז?

— סאָקאָלאָווצעס, באַרימען זיי זיך פאַר די ווייבער אין דאָרף. זיי ווילן זייען אין אונדז שלעכטס.

אַ גאַי גייט דורך. מ׳ווערט אַנשוויגן, מע וואָלט נאָר אַף אים עפּעס וועלן דערקענען, אַפן גאַי, וואָס איז אָט-אָ דורכגעגאַנגען.

— ניין, שפּייט זיך אויס! אין סלאַוועשנע איז קיינמאָל כאלילע גאָרניט געווען און ס׳וועט ניט זיין!...

— ר׳ יאַנקל, מאַכט זיך ניט צורעכט! וואָס מיינט איר איז סלאַ-וועשנע, וואָס מיינט איר? איר האָט אַרויסגענומען א וועקסל באַ גאָט?

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

אין די רעדלעך שטייען נאָר מאַנסבּלען, די ווייבער זיינען פאַרנומען. זיי האָבן אַפילע אופגעהערט קאָכן וואָס צום אָפּפאַסטן. די ווייבער האָבן גענומען דערווייל אופּפּאַקעווען זאַכן — שמאַכן, לעפל, בעכערס, אַלץ פאַרשטופּן ערגעץ, פאַרשטעקן — זאָל ניט שטיין פאַר די אויגן.

בוזי האָט מיך אויך אַרופגעשטופּט אַפן בוידעם. מיר האָבן זיך אַ קאָרזינע מיט אָנטון, האָבן מיר זיך. און מיר האָבן זיך אַ סאַמאָוואַר פון דראָשע-געשאַנק, וואָס איז גרעסער פון אונדז ביידן...

די באַלעבאָסטע — ניטאָ מאָרדכע אינדערהיים, איז איר אַסאַך ערגער די צייט. אַזוי ווי ער וואָלט פאַרפעלן אַף אַ גרויסן ערעוו-יאָנטעוו.

ניין, שטענדיק צו ערעוו-פּייסעך, צו ערעוו-יאָנטעוו שטעלט ער זיך צו מיט אַ פּאָר טעג פריער.

— אויסגעריסן זאָל ער ווערן! —

אומגערן איז באַ איר אַרויסגעפּלויגן אַ קלאָלע, כאָטש זי איז ניט שולדיק. באַ איר איז שטענדיק אַ שעלטנדיקער געמיט:

„צי איך וועל זיך שוין מאַטריעך זיין און אַרופשלעפּן אַפן בוידעם אירע זאַכן אויך?"

— אָך! פאַרוואָס דען ניט?

איז פּערענעס, איז קישנס, איז טעפּלעך. אַ סאַמאָוואַר, אַן אַלטער סייפער. אַ טישטעך מיט אָנטון. און וואָס ניט?

בוזי אומגעדולדיקט. בוזי האָט אַ פראַגע:

די „קאָלדרע" (מיר האָבן נאָר איינע אַזאַ), די „קאָלדרע" — עפּשער אַוועקטראָגן זי אַהין, צו באָרעך-אייזיקן אין שטאָל?"

מיט באָרעך-אייזיקס שטאָל זיינען מיר אַביסל פריינט. איינמאָל סיי-ווי, און צווייטנס — פאר אונדזער שוואַרצער.

— וואָס זאָגסטו, בוזי? די קאָלדרע אַהין? מ׳קען אַהין!

די בלעכן אַפֿן בוידעמל באַקן מיט טאמעז, איך זע אויס דורך די בוידעם-פענצטערלעך די באָד און האַנעטשקע דער רעבעצנס הויף מיט אירע בעהיימעס. וואָס נאָך זע איך אויס? נאָר ניין, ס׳איז עפשער ניט שיין קוקן דורכן בוידעם מיטן שפּינגעוועבס. דאָס יאָ, איך בין דאָס ערשטע מאָל אַף מיין לעבן דאָ אַפֿן בוידעם. נו, גוט. איצט מעג איך שוין צעוואשן די הענט און עסן מיט בוזין וואַרמעס. יאָ, מ׳וואָלט גע-מעגט טון אַזעלעכס, נאָר די באַלעבאָסטע אינטערעסירט זיך וויסן, צי איך האָב ניט פאַרשטעקט אירע זאַכן ווינציקער געטריי ווי מיינע?

— אָ, ניין, באַלעבאָסטע. — און מיר איז אַ שאָד, וואָס איך קען זי ניט אַרופשלעפּן אַפֿן בוידעם, איך זאָל איר דאָ אַלץ וויַיזן...

דערווייל איז אַ גאָיע אַריין אין קיך (און מיר האָבן נאָך פריער אָפּ-גערעדט, אַז עמעצער וועט אַריין, אַפילע אַ איד, זאָל איך דאָרטן זיין אַביסל שטילער אַפן בוידעם). וואָס וויל זי, אָט די גאָיע? — אַ לעק זאַלץ!

— נאַ דיר אַ לעק זאַלץ און גיי!

— און דער גאָיע איז עפּעס אַ כידעש, וואָס מיין באַלעבאָסטע איז אַזוי איילנדיק און פארשמאַיעט, ווי פאר אַ כאַסענע.

... נו, יאָ, אַלץ איז באַוואָרנט. בוזי גיסט מיר אוף. זי לאַכט, וואָס איך בין אויסגעשמירט, ווי אַ שמאראָוואָז, ווי אַ גאָטס געזעגנס. איך לאַך אויך. און בא מיר זיינען שוין טאַקע די הענט ריין. און אויב עסן, טאָ זאָל זיין געגעסן!

---

וואָס מענטשן זיינען! פאַר איין שאָ געוויינט מען זיך צו צו זאַכן. אונדז איז שוין גרינגער! סיווי ווייסן מיר דאָך נאָך ניט, אַף וואָס מיר וואַרטן. בא אונדז זיינען דאָך נאָך קיינמאָל ניט געווען קיין פּאָגראָמען! און עפשער איז טאַקע די גאַנצע מאַיסע אַ ליגן?

— — — — — — — — — — — — — — — —

צי כ׳וועל גיין איצטער צו הערשקען אַרבעטן?

ניין, כ׳וועל ניט גיין. עלעהיי אַ אינסטרוקטאָר איז געקומען צו פאָרן! „טאָ-יעסט״ — אַף א שאָ דאַרף מען צוגיין, טאָמער דאַרף מען די סכוירע ערגעץ פאַרלייגן, צי וואָס.

— וועסטו באַלד קומען?

— יאָ, גיי אינערגעץ ניט אַוועק, איך וועל באַלד קומען.

---

אויב ס׳זאָל טאַקע אינעמעסן דאַרפן זיין א גרויסער יאַנטעוו אין שטאָט, איז א שאָד, וואָס מ׳האָט ניט געוואוסט און מ׳האט זיך ניט צו-געגרייט. אסאַך אידן זיינען ניטאָ אינדערהיים. איצט איז ערשט

דינסטיק — און אידן, וואָס גייען ארום אין די דערפער, באַלמעלאָכעס, וואָס נייען אין די דערפער, און בראַקאַרעס, וואָס אין די נאָענטע וועלדער אַרום — זיי קומען ערשט אף שאַבעס !.. וואָס נאָך ?—צי האָבן אלע גאָים אָפּגענומען באַצייטנס זייערע סכוירעס באַ די אידישע באַלמעלאָכעס ? באַ די שניידערס, באַ די שוסטערס, באַ די שמידן, באַ די האַרבאַרעס? כאָטש ס׳האָט זיך אביסל איינגעשטילט, און אין שטאָט זאָגט מען, אז ס׳וועט גאָרניט זיין, — דאָס איז איינס. און צווייטנס, האָט מען אָפּגערעדט מיטן נאַטשאַלניק מיליציע, און צוואַנציק יונגע לייט וועלן ארומגיין באַנאַכט איבערן שטעטל. ס׳איז טאקע זיין אייצע, דעם נאַטשאַלניקס.

צי ער וועט געבן ביקסן ?

ביקסן זיינען אין מיליציע פאַראַן אַסאַך, ער וועט זיי עפשער געבן ביקסן אויך !

---

פון הערשקען יאָנטלס זיינען מיר אַריין צו בוזיס מאַמע, און דערנאָך זיינען מיר אַוועק צו מיינע לייט. — די מאַמע האָט מיך געשיקט רופן, איך זאָל אָן טערוצים קומען, מ׳דאַרף עפּעס העלפן דעם טאַטן. מיר איז ניט קיין נייס צו העלפן דעם טאטן אין זיינע סעקרעטן. פונדערלעכאַטכילע בלאָזט ער זיך אף מיר, און דערנאָך, אז מיר אַרבעטן אָפּ איינע אליין, אינצווייען, אַמאָל א נאַכט, און אמאָל עטלעכע שאָ, איז ער מיט מיר ווי צופרידן. צווישן די ציין טוט ער מיר א זאָג, איך זאָל ניט אוועקגיין, אָט וועלן מיר אַריין אין שטוב און מיר וועלן איבערבייסן... יאָ. איצט גייען מיר אויך צום טאַטן. בוזין איז אומעטיק איצט אָן מיר, גייען מיר אינצווייען.

באַט טאַטן אַרבעט מען נאָך, אָבער אויך אַזוי, ווי אין א גרויסן ערעוו-יאָנטעוו : עפשער וועט כאָלילע, פאַר הונדערטערליי, אויסקומען עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד ניט ארבעטן...

איך מיטן טאַטן האָבן מיר אן אַרבעט—אין דער קאָרע צונויפלייגן אַ פּאָר מייעס ווייסע און געקאָנטשעטע סכוירע. טאָמער איז די קאָרע קיין שמירע ניט, איז אביסל אַפן האַרבאַרני-בוידעם צווישן שערסט און אַביסל אפן שטוב-בוידעם. די שטוב-זאַכן מיטן אָנטון אויך אין „קאָרע-סעקרעט״.

— עפשער האָט מען באַדארפט אונדזערע זאַכן אויך אַהער ברייננגען ? בוזין איז עס ארוף אַפן געדאַנק :

— איך מיין, אז ניין. — און בין דערווייל פאַרנומען מיטן טאַטן באַ די סעקרעטן.

— נאָר ווער דרייט זיך עס דאָ ארום לעבן אונדז אינדערשטיל ?

אַ! ס'איז יאָסעלע מיט הערשעלען, זיי האָבן אויך וואָס צו באַהאַלטן (קיין פרעמדן וואָלט מען אַהער ניט געלאָזן). ס'שטייט א שוועסטערל באַם ברונעם, פונדערווייטנס, זי וואַשט אַף צעקלעמערשט דאָס מילכיקע געפעס און זי גיט אַכטונג, צי קיינער ריפּעט זיך ניט ארום דאָרטן, וואו מיר אַרבעטן. אין אַלע האַרבאַרניס שטייען, ווייזט אויס, מיידעלעך פונווייטנס, באַזייט אויס, זיי טוען דאָרט אַף צעקלעמערשט וואָס זיי טוען און גיבן אַכטונג, אז קיינער זאָל זיך ניט ארומריפּען אַרום זייערע סעקרעטן, דאָרט וואו זיי אַרבעטן.

וואָס-זשע טוען דאָ יאָסעלע מיט הערשעלען? וואָס באהאלטן זיי, פרעגט איר? נו, צי דען פאַרשטייט איר ניט, אַז אַזעלכע לייט האָבן זיך זייער גוטס? הערשל האָט געבראַכט זיינע ביכלעך, יאָסעלע האָט געבראַכט א „רוסקי-סלאָוואָ פּערווי טשאַסט״. ווייטער, האָבן זיי א היפּש ביסל קנעפּלעך, בלעכלעך, קעסטעלעך פון שוועבעלעך, צוויי פויגלשע אייעלעך, אַ קאָמפּאס, א זילבערנע קאַפּערטע פון א זייגער, אַ פּאָר פלעשלעך מיט גלעזלעך! נאָך א שווינדל-גלאָז, און א אייגל פון א בריל, כוץ די העפטן די פארשריבענע און די ניט פאַרשריבענע. וואָס ווילט איר נאָך? גוטס איז דאָ, און באַהאַלטן איז אויך פאראַן וואו: נאָר וואָס? דאָ שטייען עלטערע. אַלע רעגע קאָנען זיי אָנשרייען. דרייען זיי זיך טאַקע שטילערהייט ווי די גאַנאָווימלעך און קאָרפּען זייער אייגענעם סעקרעט אין דער קאָרע. אויב ניט, אויב מ'וועט ניט וועלן ליידן, טאָ זאָל מען זיי אַריינלאָזן אינם גרויסן סעקרעט.

פרעגט זיך נאָר אַ פראַגע, פארוואָס זיינען די יאַטן ניט אינגאַנצן פרייליך? דאָס איז דאָך אן אויסגעצייכנטע שפּיל! ווייס איך טאַקע ניט פאַרוואָס! און מיר זיינען שוין טאַקע באַלד פאַרטיק מיט דער אַרבעט.

בוזי איז אין שטוב באַ דער מעכוטענעסטע, בא דער שוויגער — באַ מיין מאַמען. זי שטיפּט פונדערגרינג, זי לאַכט. זי פאַרברייגנט מיט מיינע שוועסטער.

---

וואָס פרעגט איר? צי מיר האָבן געטרונקען באַ דער מאַמע טיי מיט פרישן איינגעמאַכטס פון ווייַנשל? נו, יאָ, געוויס האָבן מיר געטרונקען באַ דער מאַמע טיי מיט פרישן איינגעמאַכטס פון ווייַנשל. בוזי איז דאָך אַזא אָנגעלייגטער גאַסט אינדערהיים בא מיר, און אַפילע איך בין דאָך אויך ניט אבי ווער. ביכלאל דאַרפט איר וויסן, אַז דער טאַטע אין א איינגער שאָ וועט ער מיט אונדז שטארק גוט. אַז ער איז געפאָרן דענסטמאָל צו פּעטליורעס פריזעוו (צום קאָזיר-זירקאָ) מיט די שקירניקעס, געדייַנקט איר דאָך מיסטאַמע, אַז ער האָט צוגעשטעלט דעם

באלעגאָלע לעבן אונדזער שטוב און איז אַראָפּגעלאָפן זיך זעגענען מיט די קינדער. ער איז איצט אויך אַסאך ווייכער צו אונדז. ביפראט, אַז איך האָב נאָך מיט אים אָפּגעאַרבעט אַ שאָ צוויי לעבן די סעקרעטן.

באַם טיי טרינקען איז אריין די מאַמע כאַיטשיק.

— אָ, — זאָגט בוזי, — די מאַמע!

און דער מעכוטן מיט דער מעכוטענעסטע, — מיין טאַטע מיט מיין מאַמע — האָבן געמאַכט א ווארע דער מעכוטענעסטע — בוזיס מאַמע. און מיר זיצן און טרינקען טיי.

דער טאַטע פאַרענטפערט זיך, פאַרוואָס ער פאַסט ניט:

„היינטיקע מענטשן זיינען שוואַכע, אַ טאָנעס מוז מען אויסקויפן”!..

די מאמע אָבער, מיינע און בוזיס, האָט קיין צייט ניט צו זיצן. די קינדער זיינען אליין אינדערהיים.

„זי איז אריין אומיסטן זיך אויסאייצענען, וואס טוט מען מיט די גרויסע צוויי קינדער.. — זי שמייכלט אף אונדז ווייזנדיק, — צום סאָף זיינען מיר אליין דאָ”!

— טאָ וואָס-זשע וויל זי זיך אויסאייצענען וועגן די גרויסע צוויי קינדער?

— עפשער זאָלן זיי היינט ניט נעכטיקן באַ זיך?..

— פאַרוואָס?

— כ'ווייס? ווייל מ'רעדט...

„מיין” מאמע האט אבער ליב צעפּלעכטן יענעם פון אומזיסטע שרעק און זי האַלט, אז סלאָוועשנע האט, כאָלילע, ביז איצט ניט געוואוסט פון אַזעלכע זאַכן, און מיר וועלן איצט אויך ניט וויסן פון קיין שלעכטס, כאָלילע! און ס'קומט אויס, אז זי איז אפילע גערעכט, אונדזער מאמע.

האָט איר זיך אזוי: צווישן מארקעס בערעזעס פאַרגייט יאָנטעוודיק די זון. אונדז איז איטלעכן פלוצים געוואָרן גוט אפן האַרצן, און אַרום דעם רויט-געפאַרבטן טיש אין דער גרויסער סטאָלאָווע זיצן מיר און מיר טרינקען אלע טיי מיט פרישן איינגעמאַכטס פון וויינשל, און אזא טיי דערלאַנגט מען באַם טאַטן אין שטוב נאָר אונטער א יאָנטעוו, אָדער ווען ס'זיינען דאָ אויסערגעוויינלעכע געסט.

אַזאַ טיי האָבן מיר געטרונקען א וואָך פאַר מיינע מיט בוזיס טנאָים, איך מיט בוזין מיט דער מאַמע כאַיטשיקן, נאָכדעם ווי גוטע לייט האָבן געפּוילט באַם טאַטן, ער זאָל איינגיין אפן שידעך און זאָל זיך פירן ווי א מענטש. דענסטמאָל האט דער טאַטע געפירט קלעצער פון ביילע-כינקען דעם סטאָליערס. אנקעגן באָרעך-אייזיקן קומט עס אויס, און ער האָט מיר געזאָגט:

— גיי רוף ארויס כייטשיקן, די מאַמע בוזיקס.

די מאַמע האָט געוועז ארופגעוואָרפן אף זיך די געוועזנטענע טאַבאַטשנע קליידל. זי איז ארויס מיט א פלוצימדיק האַרצקלאַפעניש צום צוקונפטיקן מעכוטן, וואָס בונטעוועט זיך און פאַרשאַפט יעסורים. דער טאַטע האָט זיך אויך א לעק דערשראָקן און ער האָט געזאָגט:

— גאָט העלף! — האָט ער געזאָגט — האָט קיין פאַריבל ניט, כאַי-טשיק, וואָס כ'בין אליין ניט אריין, איך האַלט אינמיטן דער ארבעט... איר וואלט עפשער קומען צו אונדז מיט אייער מיידל היינט אף טיי, וואָלטן מיר זיך צונויפגערעדט וועגן זיי, וועגן די קינדער?..

די מאַמע האט א קלער געטון אַ ווײַלע און האָט שטיל געענטפערט, אז מע קען.

אָהאָ! איך האָב יענעם טאָג געהאַט דאָס עמעסע לויפעניש. אהין און צוריק. און בוזין האָב איך געזאָגט:

— אַ דאַיגע, בוזי! וואָס ארט דיך? מירן דאָרטן אָפּטרינקען טיי! אַזעלכע מענטשן זיינען זיי שוין!

האָבן מיר עס דענסמאָלט געטרונקען אינײַנעם באַם טאַטן טיי. און איצט אויך. פונקט א יאָר אינדרינען. דער כילעק איז נאָר, וואָס בוזי פילט זיך איצט אסאך היימישער, די מאַמע אויך, און איך בין דערווייל זייער און זייער צופרידן.

און מיר גלויבן אלע דער מאַמען, מיטן גאַנצן הארצן גלויבן מיר איר, אז סלאָוועשנע איז באהיט פון שלעכטס... און מיר גייען יעדערער רואיק צו זיך אהיים. און דער אָוונט איז א שטילער, די גאַסן זיינען ליידיק, און דער ארום איז פונדעסטוועגן אָנגעלאָדן מע ווייסט ניט צי מיט פוסטע צי מיט שטורעם-טראָגנדיקע דונערן.

---

# VIII. מיטוואָך, דאָנערשטיק און פרייטיק

— וואָס זאָגסטו, בוזי׳לע, ווען מיר לייגן זיך אוועק און שלאָפן אזוי איבער די נאַכט, אינדערפרי וואָלטן מיר אופשטיין און ס׳וואָלט גאָר ניט געווען?

און בוזי׳לע שאָקלט מיר צו מיטן קאָפּ, אז זי איז מאַסקים.

אָבער ווייסטו וואָס, טאָכטער? שלאָף אין דער בונדעלע אזוי ווי דו גייסט. טו נאָר אויס די שיך מיט די זאָקן.

— און דו וועסט אויך שלאָפן אין דעם אָנטון?

— איך וועל אויך, מיין קינד, איך וועל נאָר אויסטון דאָס רעקל און די שיך.

— טאָ מעג מען פאַרלעשן דעם לאָמפּ?

— יאָ, מ׳מעג.

און מיר פאַרלעשן. און ס׳איז אונדז גוט, מיר מיט בוזי׳ן, באַ אונדז אין שטוב. און ס׳קען זיין, אז מאָרגן וועט גאָר קיין יאָנטעוו ניט זיין און איך וועל דארפן, ווי אלע טאָג, גיין גאַנצפרי צו הערשקען אף דער אַרבעט... און ווען פאָגראָמען ווייס איך דאָך סייווי אזוי ווינציק! אַמאָל נאָר, אַז כ׳בין געווען אַ קינד. (ווייזט אויס, אין פינפטן יאָר איז עס געווען), האָט זיך מיר געווען איינמאָל געכאָלעמט, אז ס׳איז באַ אונדז א פאָגראָם: ס׳איז ווינטער, די קרעמער האָבן זיך אַריינגעבויעט ווייסע, אינעווייניקסטע טירן, און די קרעמערס ווייבער פון יענער זייט טירן שטייען פאַרמאַסקירטע מיט רעוואָלווערן אין די הענט און זיי קענען שיסן... אינמיטן מאַרק איז עס, ס׳איז ווינטער. און דער פלאַץ איז פול מיט פאַרפרוירענע בלוטיקע האָרבעס... פול — אף ניט דורכצוגיין. פאַר-סמאַרקעטע זיינען זיי, די האָרבעס, און פון גאָלע בלוט אופגעפרוירן. ווייזט אויס, ס׳איז געווען א גרויסער פאָגראָם. איך איינער אליין דריי זיך ארום אין דער גרויסער נאַכט און קען זיך ניט ארויספּלאָנטען פון צווישן די בלוטיקע בערגלעך... אינדערהיים דאָרט שטייט דער טאַטע

מיט פלעשער אָליעם און וויל ניט צולאָזן טימוכן מיט פּאַוולען, פאַר-וואָס זיי ווילן אַף אונדז מאַכן א פּאָגראָם...

ס׳איז א ליכטיקע נאַכט. ס׳איז ווינטער. און די איימע שפּרייט זיך פון הימל ביז דער ערד!.. — אז כ׳האָב זיך דערנסמאָלט אופגעכאַפּט, איז געווען א כמאַרנער פרימאָרגן, און אינדרויסן איז געפאַלן אַ גרויסער, קאָלאָשמאַטער שניי. כ׳האָב זיך דערנסמאָלט אבי-ווי-אַזוי אָפּגעכאַיעט פון דעם כאָלעם און ס׳איז מיר געווען צוריק גוט.

— מאָרגן, בוזי׳לע, וועלן מיר עפּשער אופּשטיין אזוי ווי נאָך א בייזן כאָלעם. אַבי נאָר איבערשלאָפן די נאַכט.

— ווען? מאָרגן אינדערפרי?

— יאָ, מאָרגן אינדערפרי. נו, שלאָף, מיין קינד.

— טאָ שלאָף-זשע אויך!

און דער לאָמפּ איז אויסגעלאָשן, און אין צימער איז גוט, נאָר פון די מאַכשאָוועס זיך אביסל ארומטרייבן — און א גוטע נאַכט! — —

— — — — — — — — — — — — — — —

...איך האָב זיך אופגעכאַפּט דער ערשטער. איך האָב געמיינט, אַז ס׳איז א רעגן — א דערקיטשלעווער רעגן אינדרויסן. די מאַשינקע פון די דונערן איז עפּעס קאַליע געוואָרן, און ס׳דונערט עפּעס אזוי ניט גע-ראָטן!.. אָבער ניין! איך הער געשרייען, און לאָמען קלאַפּן ערגעץ איבער בלעכן, און מע שיסט אויך.

— בוזי׳לע, שטיי נאָר גיכער אוף.

— בוזי׳לע, טאָכטער, שטיי אוף, שטיי אוף, אָט אזוי!

— וואָס איז? וואָס איז, האַ?

— ס׳איז גאָרניט, טאָכטער, ס׳גאָרניט. טו זיך נאָר אָן, נאַ דיר אָט-אָ די זאָקן, שטעק ארוף די שיך, מיר דארפן ערגעץ גיין.

און בוזילע פאָלגט מיך, איך בעט זי נאָר, זי זאָל זיך ניט איילן, ס׳זאָל באַ איר ניט פאַלן פון די הענט.

די באלעבאָסטע שוין אַן אָנגעטונענע, אַ דערשראָקענע און אַ פאַר-שטומטע, ברעכט די פינגער, אזוי ווי אין אַ נאָענטער אינמיטן-באַנאַכ-טיקער סרייפע, און מיר גייען.

— מ׳דארף, — זאָג איך, — לויפן מיט די גערטענער אין שיניצע אריין, אונדזערע קערן דאָרט שלאָפן און ניט וויסן פון גאָרניט.

— דורכוואנען-זשע וועלן מיר גיין?

— אָט-אָ דורך די גערטענער.

און מיר זיינען אוועק, זיך אבי-ווי-אַזוי אויסדרייען פונם אַלדאָסבייז. איבערן ברונעם זיינען מיר אריבער אין ערשטן גאָרטן. מיר גייען און

וועקן מיט ניט געהיטע טריט אַלץ, וואָס וואַקסט דאָ ארום. איך האָב דאָ אָנגעטראָטן אַף אַ הודינע פון אַ אַרבוזע. פאַרפאַלן! די געוויקסן זיינען אָנגעטרונקען פול און פול מיט טוי... מיר קריכן איבערן צווייטן פלויט. אַ גאָרטן אין אַ גאָרטן. בא בוזי׳ן קלאפן די ציין אין מויל, עפשער פון קעלט און עפשער פון פלוצימדיקייט און פון מוירע. מיר זיינען אריין אין הויכע קאָנאָפּליס, זיי זיינען אונדז ביזן האַלדז. צוויי קינדער, גלייכן מיר זיך אויסעט צווישן די קאָנאָפּליס און מיר זיינען זיך פאַרשטעלט פון דער גאַנצער וועלט.

פונדעסטוועגן גייען מיר און מיר מאַכן אַסאַך גרייזן. מ׳דאַרף זיך דאָך היטן, ניט אופוועקן די הינט פון די נאָענטע הויפן, כאָטש מיר הערן, ווי הינט היילן שוין דאָרט ווייט אין יענעם עק שטאָט. דאָרט הינטער אונדז קלינגען העק און לאָמעס, דאָרט קלינגען קוילעס, דאַכט זיך, אַז מענטשישע. עפשער גייט דאָרט אַ געוועט? עפשער רייסט מען דאָרט שווערע שטיינער פון דער ערד?

„ווער פריער?” „ווער גיכער?”

דאָרט איז ליכטיק און דאָרט הערן זיך הוראַ-געשרייען.

— וואוהין איז, בוזילע? מיר גייען דאָך אופוועקן אונדזערע לייט!

— נו, גוט, לאָמיר גיין.

און אָט זיינען מיר בא מיין טאַטנס שטוב. אינמיטן באַנאַכט, צוויי פאַרבלאָנדזשעטע קינדער. האָבן מיר דאָרט טאַקע פונקט קיינעם ניט געטראָפן. און דורכוואַנען זיינען זיי אַרויסגעקראָכן?

וואָס איז, איר ווייסט ניט דורכוואַנען? אָט-אָ דורכן פענצטער אַהין, צו דער שיניצע צו און איבערגעלאָזן אַזאַ געטרייע שטוב אף ווידלערי און אף העפקער.

— נו, קום, מיין קינד.

און מיר גייען ארוף צו דער שיניצע צו.

און דאָרט דערהערן מיר שטילע שטימען. אָבער מ׳דארף זיך קיין מוירע ניט האָבן — ס׳איז אידישע. זיי רעדן שטיל, זיי שושקען זיך צווישן זיך — אַ טשערעדע גענדז, אַ צעפּוזשעטע אינמיטן נאַכט. מ׳גייט, מ׳לופּעט מיט די אויגן, מ׳איז אופגעבורעט, מ׳זוכט זיך אַן אָרט אַף זיך צוטוליען.

בוזין איז געוואָרן פריילעכער. מיר האָבן זיך צוגעשלאָגן צו דער סטאַדע.

— דאָס זיינט איר, כינע?

— יאָ. און ווער זיינט איר? אַ, ס׳איז אייזיק. און וואו איז בוזי?

— אָט איז זי דאָך!

— יאָ, גערעכט, אָט איז זי טאַקע. נו? ס'איז אַ קלאָג צו די יאָר אַוואַדע! וואו גייט מען און וואו טוט מען זיך אַהין? אין אַזאַ סרייפע?..

— און וואָס טוט זיך דאָרט אין שטאָט?

— אין שטאָט? מ'שלאָגט, מ'ברעכט, מ'ראַבעוועט.

כינטשא שלעפּט אף זיך עטלעכע קינדער מיטאַמאָל. איינס שלעפּט זי פאר זיך, איינס — אין זיך און איינס — אף די פּלייצעס. שלוימע דעם שוסטערס ווייב איז זי, שלוימע איז אויך דאָ ערגעץ אין דער סטאַדע. ס'איז מיט נאַכט, מיר גייען אַ צוואנציק מאן איינס נאָך איינס, אזוי ווי די געגנדז אין אַ שורע. מ'גייט גלייך, וואוהין — איז ניט באוואוסט, מ'וועט גיין וואו ס'גייט זיך. בוזי, ,וויל ניט, מ'זאָל רעדן, „מ'דארף גיין שטיל!"

זיינען מיר שוין ארויס פון שיניצע און אַריין צווישן קאָרן, און מיר גייען זיך אלץ. הוקעט אָבער עמעצער פון קאָרן און טרייבט אונדז אף צוריק. עפּשער איז עס מער ניט, ווי אַ שייגעצל? נאָר איינשטעלן טאָר מען ניט אין אַזאַ צייט. מיר גיבן זיך אן אייצע אַף אַ רעגע, און די געגנדז פאַרקערעווען אַף צוריק.

וואוהין צוריק? אין שטאָט אריין?

עס טויג ניט.

טאָ לאָמיר זיך דאָ צעשטעקן הייפלעכווייס. גוט?

נאָר בוזי האָט זיך מוירע אָפּשלאָגן פון לייטן.

— ס'אַ קינד דו ביסט! מיר האָסטו מוירע דאָ פאַרגלויבן? ס'איז דאָך מיין שיניצע, איך ווייס דאָך דאָ יעדער ווינקעלע!

האָט מיר טאַקע בוזי פאַרגלויבט. און מיר זיינען אַוועק אין אַ זייט און אַריבערגעקראָכן אַ פּלויט, אַוועלכן איך ווייס, אָנגעטראָפן צו איינער אַ מישפּאָכע בוימלעך, און מיר האָבן זיך דאָרט אונטערגעזעצט, איך מיט בוזי'ן, צוויי פאַרבלאָנדזשעטע קינדערלעך. ס'איז אַפילע קיל, נאָר ס'איז ליבער זומער. און אונדז איז גוט אזוי זיך אינצווייען, אין אַ ווילד-פרעמדן גאָרטן. מיר דארפן נאָר אַ קלער טון פון אונדזערע לייט, פון מיינע און בוזי'ס. וואו קערן זיי זיין איצטער? און באלד הייבט אָן שאריען אף טאָג. ס'איז דאָך מער ניט ווי אַ זומער-דיקע נאַכט.

פונדערווייטנס האָבן מיר דערזעען צווישן ביימלעך זיצן נאָך הייפּ-לעך מענטשן... לאָמיר זיך שעמען איינער פאַרן אנדערן?

ניין, לאָמיר עפּשער בעסער דערווייל ניט רעדן צווישן זיך, און אין אַ שאָ ארום וועלן מיר זיך אופהייבן, אין אַ שאָ ארום וועט שוין זיין גוט טאָג און מיר וועלן גיין זען וואָס הערט זיך אין שטאָט.

— אָפּגעברענט געוואָרן. קיין רויך איז ניט געגאַנגען און קיין פייער האָט ניט געברענט!..

דאָס רעדן מיין טאַטנס שכיינים, אין אַ רעדל שטייענדיק לעם מיין טאַטנס שטוב, און איצט זיינען מיר אויך געקומען, איך מיט בוזי׳ן.

באשפריינקלט מיט טוי פון פאַרבריינגען די נאַכט „אַף די פעלדער פון סלאָוועשנע״. זי אין איין קליידעלע אפן לייב און מיט שיך אַף די באָרוועסע פיס. און איך אויך קאם וואָס דאָס לייב איז צוגעדעקט.

אין אן אנדער צייט וואָלט מען עס ניט געוואָלט ליידן בא אונדז אין שטאָט, אָבער איצט — איצט האָט מען אונדז באגעגנט קימאַט מיט אַ פרייד.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר! און וואו האָט איר, קינדער, איבערגע-פאַרבראַכט די נאַכט?

באַ ליעוון אף די ניוווקעס! — ענטפערן מיר פריילעכע און מונטערע, ווייל ניט אומזיסט איז דער טאָג קליגער פון דער נאַכט, קליגער און מונטערער. זאָל זיין געבענטשט דער טאָג!

און באלד איז געקומען אַ שטאָפעט, מיילעך מיט יאָסעלען, „צי מיר זיינען דאָ״.

— יאָ, מיר זיינען דאָ, קינדער. און איר זיינט וואו? אינדערהיים? און וואו האָט איר גענעכטיקט?... און גוט, מירן זיין בא אייך. — און מיר זיינען אלע מיט עפּעס צופרידן, — זאָל זיין געבענטשט דער טאָג!

און די שכיינעס די פויערשע? וואָס טוען די שכיינעס ארום דעם טאַטנס שטוב? די שכיינעס — זיי טראָגן אָפּ צוריק קישנס צו זייערע שכיינים די אידן.

— נאַ דיר, ליבע, דיינע קישנס! דאָס האָבן מיר געמיינט באהאלטן, קיין בייזע מענטשן זאָלן ניט צושלעפּן, — און זי ווערט דערוויי״ל רויט.

אַ צווייטע שכיינע:

— קום, לייע, ועסטו צונעמען דיינע קיילים. כ׳וויס? כ׳האָב גע-זעען, מ׳שלעפּט אלע, און מיר פעלן פונקט אַ פּאָר קיילים. קום, נעם אָפּ. אָט, אונדזער שאָכן דער לאנגער, יאָ, יאָ, האָט בא דיר באסענע געמאַכט, לייע, די גאַנצע מעל, גיי, זאָל ער אָפּגעבן, נישקאָשע, ער איז ניט קראַנק!.. ניטאָ אופרעסן פרעמד גוטס.

און אַ דריטער דערציילט סוידעספּול:

— מאַטעס, איך וויס, איך האָב געזעען מיט מיינע אויגן ווער ס׳האָט זיך צו דיר געבראָכן אין די פענצטער אריין. ער איז אַ — נישט-דאָ-ברעגאַ — איך וועל דיר דערציילן ווער, איך וועל דיר אים אָנרופן באם נאָמען, נאָר ניט איצט.

און אף דעמזועלבן גוטן-פריינט, וואָס שושקעט מאַטעסן אין אויער אריין, האָט אָנגעוויזן אַ שכיינע, אַז ער האָט אַגאַנצע נאַכט געטראָגן לעדער פון מאטעסעס קאַמער. היינט גיי טרעף, גיי זיי אַ נאָווי און וויס, ווער און וואָס ?.. נאָר אַז אידן, וועלכע זיינען ניט געוואוינט צו פּאָגראָמען, מיינען, אַז ס׳קומט זיי אזוי, זיינען זיי נאך בא זיך גייציק:

„געוויס זאָלן זיי אָפּטראָגן, די שכיינים, אלץ, וואָס זיי האָבן גענומען". און... „שעמען מעגן זיי זיך טאַקע אין זייער ווייטן האלדז!" און אידן זיינען נאָך שטייף באַ זיך: מאַלע-וואָס ס׳טרעפט זיך! גאָים בלייבן גאָים, גאַזלאָנים און מיט פּאַרגרעבטע קעפּ!

פּאַקעוועט מען צוריק די געזידלטע קישנס אין די איבערגעקרומטע בעטן אַריין, און מע לאדעט אף צעקלעמערשט די פענצטער. ווייבער זעען צו די בעהיימעס און טרייבן זיי ארויס אף דער פּאַשע. לעבן יעדערנס שטוב איז מען וואַכנדיק אינמיטן גאַנצפרי. קינד-און-קייט זיינען אף די פיס, זיינען לעם שטוב. אַזוי ווי יעדער שטוב, לאָמיר זאָגן, איז פאַר-זיך אַ דאָרף און אין יעדער דאָרף האָט זיך געטראָפן אַ געניייווע... דער נייגיר איז גרויס, אָבער ס׳לאָזט זיך אויס אַז אלצדינג איז קימאט בעשאָלעם, כאָטש... ס׳איז ניט ריכטיק:

„באַנאַכט האָט מען זייער שטאַרק געשלאָגן דעם קירזשנער!"

— ווער? יאנקעוו-לייבן דעם קירזשנער?

— אַי אַי אַי! ס׳אַן אַוולע! יענער איז דאָך, נעבעך, אַזוי אויך אַ קראנקער מענטש. וואָס-זשע מאכט ער? וואָס מאַכט ער, נעבעך, יאַנ-קעוו-לייב?

— ...און געדאַליע-יעשועס, ער איז געלאָפן אַף אנטאָנאָוויטשער שליאך, לעבן דעם אַלטן זאַלמענס האַרבאַרני. ער האָט געוואָלט אַנטלויפן, האָט מען אויסגעשאָסן.

— נו?

— ער האָט זיך געמוטשעט ביז טאָג און איז אויסגעגאַנגען. דאָרט איז, נעבעך, אַזאַ געוויין, אז די שטוב, די ווענט ארום כליפּען. ס׳וועט מי-נאַסטאַם באַלד זיין די לעוואיע.

— טאָ ווארט-זשע אויס, ווי אַזוי איז דאָס געוועזן פון דער סאַמע לעכאַטכילע? נו, און דער נאַטשאַלניק מיליציע?

— דער קובלינעץ? ס׳איז אַ סוואָרע, אַז ער אליין איז פאַרמישט אין דער גאַנצער ארבעט!

— וואָס הייסט?

— דאָס הייסט, ער האָט צוגעזאָגט געבן 20 ביקסן אף דער שטאָט, און אַז ס׳איז געקומען צום געבן, האָט ער זיך געמאכט געפּייגערט...

— טאָ ווי אזוי-זשע איז עס פּאַרט געווען?

— ס'איז געווען אזוי: עלף אַזייגער האָט יעדער מיליציאָנער אַף זיך אָנגעטון צו פינף ביקסן און... די יונגעלייט, האָט ער געזאָגט, זאָלן דערווייל ארומגיין מיט שטעקנס, און... ארום צוועלף אזייגער באנאכט האָט עמעץ אויסגעשאָסן, זיינען אָנגעלאָפן פון אלע עקן שטאָט היישע-ריקן, און ס'איז געוואָרן פינצטער אין שטאָט. די מיליציע האָט געטיילט די כאזיירים ביקסן, און די אידישע וואַרטע איז זיך צעלאָפן.

— און דער נאַטשאַלניק מיליציע?

— דער ראָשע? דאָס האָט ער דאָך אליין אופגעבורעט די גאַנצע כאַסענע! ער, און קאָסענקאָ, און אייער שאָכן — מאַרקאָ לוכטאַנט!.. ער איז גאָר איצטער ניטאָ אינדערהיים — זאָגט מען, — נאָר ס'איז א ליגן. ער איז א איבערגעטונענער און באַהאַלט זיך אויס בא די היגע כאזיירים, אונטערן טייך.

— אזוי אז ס'איז זיך ניטאָ וואָס צו ריכטן, מ'זאָל קענען היינטיקע נאַכט נעכטיקן אינדערהיים!

— ווער ווייסט? מיר וועלן זען! דערווייל איז אין שטאָט שטיל, זיי האבן זיך פאַרשטעקט צוריק אין די לעכער. אַסאַך קלייטן זיינען אופגעבראָכן, און נאָר קליינינקע שקאָצימלעך קריכן ארום און שאַרן זיך דאָרט אינם מיסט.

— טאָ לאָמיר עפשער גיין אין שטאָט אַריין?

— לאָמיר גיין!

---

אונדזער מאַמע האט זיך דערפרייט אונדז אנקעגן. זי שמייכלט צו אונדז מיט איר שטענדיקן גוטן שמייכל, און צי ווילן מיר עסן אָנבייסן? זי האט שוין אויסגעמאָלקן די בעהיימע.

— און וואו זיינען מיילעך מיט ראָכעלען?

— כ'האָב דאָך זיי אוועקגעשיקט צו אייך! איך בין באַ אייך שוין געווען היינט דריי מאָל און האָב אייך ניט געטראָפן.

און מיר האָבן דערציילט דער מאַמען, וואו און ווי מיר האָבן דורכ-געפירט די נאַכט... די מאמע האָט אונדז אויך אָפּגעגעבן כעשבן און... וואס הערט זיך דאָרט בא אונדז אין צימער?

— ניין, בא אייך אין צימער איז נאָך נישקאָשע! אויך אביסל אי-בערגעריעט, אבער ס'איז נאָך מיט כעסעד.

— די באַלעבאָסטע איז שוין אין שטוב?

— יאָ, אין שטוב. נו, איר וועט אויסטרינקען, קינדער, צו גלע-זער מילך?

— ניין, מיר וועלן פריער צוגיין אהיים.

די גאַסן זעען אויס, ווי נאָך א יאַריד, אָדער ווי אין א בייזן פאַר-פּייסעך. שטויב מיט מיסט פאַר יעדער טיר. צעוואָרפענע פּאַפּירן מיט אָנגעבראָכענעם גלאָז. כאַפּט עס דער רועך! יעדער שטוב פראַוועט דאָך יאָנטעוו פאַר-זיך, יעדער איז מיט זיך פאַרנומען! און פון יעשוע-גדאַ-ליעס גאַס הערט זיך א געווין... און אין קלוב, דערציילט מען, באַ באַסיען, האָט מען געריסן, געשליסן, געשטאָכן און געבראָכן, ס'זאָל ניט זיין קיין סימען פון „קאָמונע״! —

מיט בוזין גייען מיר ארום אינצווייען, אַזוי ווי צוגענייט איינער צום אַנדערן, און מיר הערן נייסן.

אַזוי שוין פון נעכטן באַטאָג אָן. ווייזט אויס, מיר זיינען אָבער צונויפגענייט פעסט, און ניט קיינעמס אייסעק אונדז צענעמען. און... מיר זיינען א באַלן באַטראַכטן, וואס הערט זיך עפּעס באַ אונדז אין צימער. כאָטש ווען מיר ווילן, גייט ער אונדז איצט ווינציק וואָס אָן.

די טירן זיינען עפּעס ניט איידל אַראָפּגעדרייט פון די שרויפן און זיינען צעעפנט אזוי, ווי אף א איילנדיקער כאַסענע. אין שטוב איז אָבער שטיל. די באַלעבאָסטע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אף איר נאַכט-שאַפקעלע. זי קוקט אין פענצטער און רעדט עפּעס צו זיך אליין. פון דער זייט וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס דאַוונט זי, נאָר דאָס איז ניט עמעס, דאָס שעלט זי איר מאָרדכען! נאָך איר דייע נאָך האָט ער געדאַרפט דערפילן, וואס דא טוט זיך, און אין אזא צייט זיין אינדערהיים. וויטער טוט איר באַנק אי דאָס מעבל, אי די שטוב. יעדער קריץ אפן שאַפע, צי אַפן געפאַרבטן פאָל, איז אזוי ווי מ'זאָל איר באַקן דאָס לייב מיט אָנגע-ברענטע צוועכעס. און דאָ די כאַזיירים האָבן איר איבערגעווארפן, איבער-געגראָבן און צעקריצט דאָס גאַנצע מעבל.

אין קיך אפן אויוון האבן מיר געטראָפן אן אלטן גוי ארומקריכן. ער קרעכצט און קלעטערט זיך אַהין.

— סערהיי, וואס דארפסטו דאָ? דו האָסט דאָ עפּעס אנידער-געלייגט?

און איך האָב דערטאַפּט אן אָפּגעברענטן שטעקן פון א ווילקע, און איך בין ניט פויל און הויב אים אף סערהייען.

אַ געזונטער גאָי אן אלטער פונם נאָענטסטן דערפל, אן אלטער אָן איין גרויער האָר אין קאָפּ.

אים איז געוואָרן ניט היימלעך, אָבער אַוועקגיין אָן גאָרניט גלוסט זיך אים ניט. איך האָב אַ קאָרפּע געטון סערהייען מיטן שטעקן:

— דו קריכסט ניט אַראָפּ?

— שלאָג זיך ניט, כלאָפּטשע! אָט גיי איך שוין אַראָפּ. איך זוך, כ'האָב געמיינט, טאָמער אַן אַרבעלע זאַלץ, האב איך געמיינט — לייטן האָבן זיך שוין אָנגענומען.

איך טאָרקע אים מיטן שטעקן, און ער טוט זיך זיינס, ביז איך האָב אים ניט געגעבן א שלעפּ אראָפּ פון אויוון און א קנאק אין דער ערד.

ער האָט זיך גענומען קראַצן:

— אַ, שטשאָב טעבע — איך האָב דאָך געמיינט זאַלץ!

און איז אוועק אַזוי, ווי אַ הונט אָן דער פינפטער פוס, זיך אַפילע ניט אומגעקוקט.

לעכאַטכילע האט מיך בווי ניט געלאָזן מיט אים זיך פאַרנע־מען, דערנאָך האָט זי געלאַכט. די באַלעבאָסטע איז גאָר געווען צופרידן, ווייל פון אַפן אויוון גייט דאָך דאָס טירעלע צום בוידעם, און אפן בוי־דעם פרעגט ניט וואָס סע טוט זיך. כאָטש זי האָט רונדעסטוועגן אַ אי־שעוו צוריק אַראָפּשלעפּן אלץ און אַוועקטראָגן — איר ווייסט צו וועמען? צו האַנעטשקען דער רעבעצנס, אָט־אָ־דאָ די אַנדערע שטוב. אויך אַ שלאַנג, נאָר אַז מ'גיט אָפּ דעם גאַנעוו די שליסלען, איז עפשער בעסער.

— און וואו זיינען אונדזערע קופּליקלעך? די שיינע קופּליקלעך, וואס זיינען געשטאַנען אפן בופעטל, וואָס כ'האָב געקויפט צוריק מיט אַ וואָך פון בוזי'ס וועגן?

איצט שטייט גאָר דער בופעט אן אָפּגעריסענער, די בעטן צעדרייטע!

— די קופּליקלעך, — זאָגט די באַלעבאָסטע — האָט טימאָפייקאָ צוגע־נומען, דאָ האָט זיך קיינער ניט געפּאָרעט כוץ אים.

אויב טימאָפייקאָ, ווייס איך, ער איז א שאָכן אין מיינע יאָרן. אויך אַ יונגערמאַן, אויך א יאָר נאָך דער כאַסענע, און אויך א שיין ווייבל באַ אים א יונגע! ער בויעט זיך א שטוב באַ זיין טאַטן אין הויף... אַנדערע האָבן זיך געזוכט וואָס זיי טויג. און ער האָט דאָ אַראָפּגע־ריסן די קופּליקלעך פון בופעטל — אַז ער וועט זיך ארייַנקלייבן אין דער נייער שטוב, וועט זיין ווייבל אויספּוצן איר שאַפּקעלע, פונקט ווי מיר דאָ אונדזערס. נו, איז ער דאָך גערעכט, טימאָפיי. ס'קען זיין, אַז ער האָט נאָך עפּעס אָנגעקוקט אין מיין פּאָרפּאָלקישן צימער, פאר זיין פּאָר־פּאָלקישער שטיבעלע וועגן. ער איז אַוואַדע גערעכט. מער ניט, וואָס ער איז א יונגערמאַן און אַ ציילעמניק אַ גרויסער, און זי, זיין יונג ווייבל, געהער אויך צו אַ פרומער געטלעכער סעקטע. דוכט זיך, אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, הייסן זיי „שטונדיסטן". יונגעלייט אין אזא פריען עלטער האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין געטלעכקייט. איז צי דען וועלן זיי, אזעלכע פרומע, וועלן פאַרנוצן בוזיס קופּליקלעך?

איצט איז אָבער דער צימער ניט קיין צימער, נאָר א באָד. געוויס איז עס ניט אונדזער צימער. מיר האָבן מיט אים גאָרניט. אויב מיר זיינען יאָ אָן עפּעס איצט אָנגעבונדן, איז אָן די מאַמעס אָן אונדזערע, און אָן די מישפּאָכעס, יעדער מישפּאָכע מאכט דאָך איצט יאַנטעוו פאר-זיך!

אונדזער מאַמע כאַיטשיק איז ווייטער דאָ.

— איר וועט עפּעס עסן, קינדער? איר האָט דאָך זיך אויסגעמו-טשעט פאַר דער נאַכט... און איצט דאַרף מען נאָך אָנקלייבן קויכעס, עפשער וועט נאָך אויסקומען זיין גאוועגאד...

די מאַמע אונדזערע שמייכלט.

די מאַמע איז דאָך גערעכט! דער סייכל איז מעכאַיעוו, אז ס'איז שוין צייט און מע דאַרף עפּעס איבערבייסן. וואָס זאָל מען אָבער טון צו דעם, וואָס מ'קאָן ניט אַראָפּשלינגען? ס'קריכט ניט אין האַלדז אריין. אַפילע דאָס מויל עפנט זיך ניט אף אַריינלייגן אהין א ביסן...

— עס, בוזי'לע!

— נו, און דו?

און מיר לאַכן אַלע פאַר צאָרעס.

— טאָ לייגט זיך-צו, קינדער, און רוט זיך אָפּ אַביסעלע.

— אָט דאָס יאָ! לאָמיר זיך טאַקע וויפל ס'ניט איז אָפּרוען.

---

אַרום האַלבן טאָג, ווען מיר זיינען געגאַנגען צו דער מאַמע כאַי-טשיקן, פונדאָרטן גיין אין שיניצע אריין צו מיין מאַמע, האָבן מיר די מאַמע כאַיטשיקן שוין באַגעגנט אפן שוועל פון דער דרויסן-טיר. די מאַמע האָט געטראָגן א געבריט טעפּעלע מילך צו אונדז און... מע דאַרף זיך אויסזאַגן:

...די מאַמע מיט נאָכעמען, מיט דער מומע פריידלען, און נאָך, וועלן זיך לאָזן אַפן בעהונער שליאַך. פריער צו דער מומע ראַסלען אין מילכען, און דערנאָך, אויב ס'וועט אויסקומען, איז ווייטער!..

— וואָס איז?

— איך ווייס? — זאָגט די מאַמע מיט אן ערנסט פארקלערט פּאָנעם ווי דענסמאָלט, ווען מיר פלעגן רעדן מיט איר, ווי אַזוי מיר וועלן אויסשטאטן די כאַסענע מיינע מיט בוזי'ס, און איר האָט דעמאָלט פאר-דראָסן, פארוואָס זי ווארפט זיך אַף מיר צופיל ארוף. איצט איז זי ווי-טער פארקלערט און ערנסט, זי איז מיט דריי קליינע קינדער, און אין מילכען איז געוויס רואיקער. נאָר וואָס זאָל זי טון מיט אונדז, מיט אירע גרויסע צוויי קינדער, צי מיר זאָלן זיך האַלטן ארום איר, צי אַרום די שיניצער לייט.

— איך ווייס? — זאָגט זי, די מאַמע — מע זאָגט. אז באנאכט וועט ווייטער ניט זיין רואיק, און אויב גיין — דאַרף מען באַצייטנס ארויס פון שטאָט, דאָס גיי איך צו אייך זיך אויסזאָגן...

— מאַמע, און וואו זיינען די קינדער?

— די קינדער זיינען שוין בא נאָכעמען.

און מיר זיינען אַלע אַוועק אין שיניצע אריין זיך האַלטן דאָרט אַן אייצע.

און ס׳איז געבליבן (ווער קאָן וויסן אַפריער, צי ס׳איז קלוג צי נאַריש), אַז מיר גייען ניט מיט דער מאַמע. מען פרילוטשעט אונדז צו דער שיניצע.

און ניט גערן געזעגענען מיר זיך, און מיט א שטילער, קאָם באַמערקטער טרער לאָזט אונדז די מאַמע איבער „פריער אַף גאָט און דערנאָך אַף אונדזערע שיניצער לייט". כאָטש מיט זיך איז זי פאָרט אַסאַך בעזפעטשנער, ווי מיט אונדז.

מיטוואָך איז עס געווען, מיטוואָך באטאָג, און די מאַמע מיט נאָך עטלעכע מישפּאָכעס גייען אַף נאַכט צו דער מומע ראַסלען אין מילכען — אויב די וועגן זיינען נאָר ניט קיין פאַרשטעלטע. און פונדאָרט, אויב מ׳וועט דארפן, וועלן זיי שוין גיין ווייטער...

---

צי ס׳איז שוין געווען געדאַליעס לעוואַיע?

מע זאָגט, אז זי איז שוין געווען. און דער טאָג האָט זיך דערוויילפאַמעלעכן איבערגעקערט אַף דער אַנדערער האַלבער זייט. ס׳איז שוין צוויי—דריי אַזייגער נאָך האַלבן טאָג.

פון שטעטל באקומען מיר קנאַפּע יעדיעס, און די שכיינים, איז ווי זיי וואָלטן כאראָטע געהאַט, וואָס זיי זיינען אינדערפרי געווען צו גוט. איצט זיינען זיי עפּעס פרעמדער און מיט פארשטאָכענע אויגן. מיילע, ברענען זיי אפן פייער! נאָר וואָס? מ׳דארף קלערן וועגן נאכטלעגערס. אַן אנדער טאָג וואָלט מען אין דער צייט ערשט געגעסן וואַרמעס, און איצט זיינען מיר געגליכן צו באַשעפעניש, וואָס אינאָוונט וועלן זיי איינגאַנצן העפקער און הילפלאָז. אזעלכע באשעפעניש, געוויינטלעך, באַוואָרענען זיך באַצייטנס מיט אן אָרט אַף נאכטלעגער...

אין יענער נאַכט איז, ווייזט אויס, אויך פאָרגעקומען א מיספּאַרשטענדעניש: דער טאַטע האָט זיך ארויסגעגאַנוועט פון דער מישפּאָכע און האָט זיך פארשטעקט אין א ליידיקן סעקרעט אין דער קאָרע (ווייזט אויס, אז דער איניען פון באַהאלטן זיך האָט אזא מין סאָרט נאַטור: וואָס טיפער מע פארשטעקט זיך, פאַלט מער ארויס די נעשאָמע!).

היינטיקע נאַכט דאַרף מען זען, ס'זאָל מער אַזוי ניט פּאַרקומען. דאָרט, וואו מיר וועלן אַלע זיין, דאָרט וועט זיין דער טאַטע אויך. איצט גייען מיר אַלע צו שמאָילען אין שייער אַריין נעכטיקן.

— די קינדער לאָמיר שוין אָפּפירן צו שמאָילען?

— יאָ, מע קאָן, און די עלטערע וועלן אהין איבערגיין, ווען ס'וועט ווערן טונקל.

די מאַמע האָט אופגעשארט עטלעכע רעדנעס און שמאַטעס און האָט אָפּגעפירט די ערשטע פּאַרטיע אָרכים צו שמאָילען אין שטאַל אריין אַף נאַכט... אָבער שמאָילע איז א גוטער פריינט און אייצעט ניט:

„ער איז אליין ניט זיכער מיט זיין שטוב און מיט זיינע בעהיי-מעס" — — —

„באַנאכט, — זאָגט ער, — וועט זיך טון כוישעך אין שטאָט: ער אליין פּאָרט אוועק פון דער היים, אָט קאַטשעט ער אַפּילע דעם וואָגן אָן די דראַבינעס, ער שמירט די רעדער... און מיר — ווי מיר ווילן זיך. ער וואָלט אונדז ניט געאייצעט בלייבן היינטיקע נאכט אין שטאָט אף דער „שכיטע!"

און בא שמאָילען זיינען אויך די אויגן פאַרשטאָכענע, און שמאָילע מעג שוין אויך ברענען ליכטיק. יענע נאַכט האָבן מיינע לייט געהערט פון שייער, ווי אַזוי זיין אלטע אויסגעטריקנטע און פרומע מאַמע, וועלכע שמעקט שוין דעם צענטן יאָר מיט ווייַרעך, ווי אַזוי זי שרייט אף אים מיט דער וויַיב:

— פוילע איר אַזעלכע! נעווייַלעס וואָס איר זיינט! לייטן וועלן זיך אָנעמען מיט אַלדאָסגוטס, און איר כירעט דאָ, איר פוילט זיך אַ ריר טון פון די ערטער?

אף איר מיסעמעשונע האָט מען זיך שוין גאָרגיט געריכט. אזאַ אַלטע און פרומע נעווייַלע, וואָס שוין באלד דער צענטער ווינטער אז זי פייגערט, האָט זי שוין אויך אַן עפּן געטון דעם פוילן מויל, ווען זי האָט דערהערט, אַז מע ראַבעוועט דאָס שכיינישע גוטס. און גיי רעד מיט איר, האָט זי קיינמאָל קיין פליג ניט אָנגערירט אף דער וואַנט, און איר איידלקייט. האָט גאָר קיין שיר ניט!.. יאָ, איצט זיינען שוין בא איר זון אויך פאַרשטאָכן די אויגן, און מיר בלייבן אָן א נאכטלעגער:

שמאָילאָ זאָגט, אַז באנאכט וועט ברענען די גאַנצע שטאָט... אנדערע שכיינים זאָגן, אז ווער ס'וועט באהאלטן אידן, וועט מען אים קוילן מיט די אידן איניינעם.

נו, דאָס זיינען דאָך שוין טאַקע גאָר אַנדערע רייד.

— שפּאַן דעם פערד, מירן פאָרן קיין פעטרעשי.

אונדזער פערד שטייט נאָך פון נעכטן אָן באַהאַלטן באַ אוודײען. מיטן וואָגן, מיטן שפּאַן און מיט אַלע זאַכן (אַ פינגערל איז, ווייזט אויס, גרינגער אויסבאַהאַלטן ווי אַ פערד). העלפט דאָך אָבער ניט קיין מאַיסעס, און אויב שפּאַנען — איז שפּאַנען!

...און מיר פאָרן, אַלע פאָרן מיר קיין פּעטרעשי. אַפן וועג, אַרויף באַרג, גייען אַסאַך אידן און אידעלעך, אידענעס און מיידלעך, אויך קיין פּעטרעשי. אַזאַ מין רואיקן און זאָרגלאָזן גיין פון יונג און אַלט און אָן פּעקלעך בין איך נאָר געוויינט זען באַ פּויערים, ווען זיי גייען אַף אַ יאָנטעוו אין דעם אָדער יענעם דאָרף. אויך דאָרטן גייען זיי אי יונג, אי אַלט, מיט ווייב און מיט מיידל. אויך דאָרט גייען זיי זאָרגלאָז און אָן פּעקלעך, כוץ אַ טיכל אונטער דער האַנט, אָדער אַ פלאַש אין בוזים, אַף מיטנעמען צוריקוועגס הייליקע וואַסער...דער כילעק איז נאָר, וואָס יענע גייען יאָנטעווודיק אָנגעטון און האָבן בעדייע זיין צוריק אַף נאַכט אַהיים, און מיר גייען שוין צופיל וואָכעדיק אָנגעטון און קלערן, ווי אַזוי פאַרברייננגט מען די נאַכט אויסער דער היים.

מיר איז אַ כאַרפּע, וואָס מיין טאַטע האָט אַן אייגענעם שפּאַן. נעכאַי וואָלטן מיר אַלע איניינעם געגאַנגען צופוס. אָט גייען דאָך נאָך אידן!

און מיר באַגעגענען אַף די פעלדער פאַרטיעס גאַימלעך, עפּעס מאָדנע זיינען זיי, מיר האָבן זיי קיינמאָל ניט געזען אַזעלכע. וואָס וועלן מיר זיי ענטפערן, אויב זיי וועלן אונדז עפּעס אינמיטן-דרינען אַ פרעג טון?..

נאָר זיי פרעגן ניט.

זיי גייען זייט-אויס דורך די פעלדער-שטעגעלעך.

זיי שעמען זיך פאַר עפּעס.

ווייזט אויס, נאָך גאָר ניט קיין געוויינטע. זיי גייען עפּשער דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן אַף אַזאַ שפּיל, און דאָס אויך, ווייל מע האָט זיי אָנגערעדט דערויף, אָדער זיי זיינען זיך מיסקאַנע אַף לייטישע שטעט.

פאַרשעמטע און גרויע, אַביסל אַראָפּגעפּאַלענע באַ זיך און מיט ניט קיין אופגעהויבענע קעפּ, לאָזן זיי זיך פון אַלע פיר עקן, ווי מאַכנעס הונגעריקע ראָבן, אַף אונדזער בידנינקער סלאָוועשנע. — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

און מיר טרעטן זיי אָפּ דאָס אָרט, מיר פאָרן פונקט זיי אַנקעגן, — טאַקע צו זיי קיין פּעטרעשי.

אָט זעט איר, זיי גופע פאַרווערן דאָס אונדז ניט! און דאָרטן אין פּעטרעשי, אין זייערע היימען, וועט מען אונדז עפּשער לאָזן איבער-נעכטיקן. מיר זיינען דאָך „סלאָוועשטשאַנסקיע זשידקי". ס'איז אַ ליגן,

זיי האַלטן דאַווקע פון „סלאָוועשטשאַנסקיע זשידקי״. מיר האָבן דאָס ניט איינמאָל געהערט פון זיי. און מיין טאַטע פאָרט טאַקע צו זיינעם אַ כאָסיד, וואָס גיט אריין אַלע יאָר פעל אין דער אַרבעט.

— יענער, — זאָגט דער טאַטע, — וועט אונדז צונעמען שיין! אַרכיפּ הייסט ער, ער וועט אונדז אַרויסטראָגן פון געקאָכטס און געבאַקטס.

און איך וואָלט וועלן יעדער איד זאָל דאָ האָבן זיַין כאָסיד אין פּעטרעשי. מ׳זאָל אים צונעמען שיין און מ׳זאָל אים אַרויסטראָגן פון געקאָכטס און געבאַקטס.

דער טאַטע נעמט זיך איבער מיט זיינע כסידים, און אונדזער אָד-נאָקאָנקע האָט זיך שוין אַריינגעקייקלט אין פּעטרעשי.

אוי, קוקט מען אַף אונדז אין פּעטרעשי! — — — — — —

מיר זיצן אַלע מיט דער מישפּאָכע אין וואָגן, און דאָ זיינען שוין אַסאַך אידן אָנגעגאנגען פון פריער. איצט זיינען מיר א פּארטיע. און מע גייט נאָך.

פּאַראן אידן „קוראשטשע״, בעטן זיי אויס א ציגאַר. זיי באַקומען אַ זאָרגלאָזן פּאָנעם און רויכערן, אַזוי ווי אין א טאָנעס.

און בא אַווראָמען דעם פּעטרעשיער אין שטוב זיינען דאָ אַסאַך אידן (כ׳האָב שוין איינמאָל געזעען בא אַווראָמען אַ פולע שטוב מיט אידן און אידענעס פון שטאָט, — נאָר דענסמאָלט איז געווען אַנדערש. דענסמאָלט האָט אַווראָם כאַסענע געמאכט זיין עלטערן זון, און צו אַווראָמען אַף א סימכע פאָרט זיך צונויף די שטאָט). איצט איז עפּשער בא אַווראָמען קיין שמירע ניט? —

„אין אַ אידישער שטוב!״.

דער גאַלעך רעדט מיט אַווראָמען, בא אַ פלויט אַנקעגן שטוב, וועגן די זשידקעס און וועגן סלאָוועשנע.

אַ שיינער גאַלעך אין פּעטרעשי, אַ מענטש אין די דרייסיקער און מיט א האַדראס-פּאָנעם. ער סמאָטשקעט מיט די ליפּן און כידעשט זיך, וואָס די זשידקעס האָבן פלוצים אַזויפיל אויסצושטיין פון „סלאָוועשנע״— „אַ שאָד, אַ שאָד״.

און עפּשער רעדט ער טאַקע אָן פאַלשקייט. ס׳קען זיך דאָך טרעפן איין גאַלעך פון הונדערט אַזאַ, וואָס מישט זיך ניט?

און בא אַווראָמען איז דער דאַשעק פון דער היטל אַביסל אין דער זייט: „אַזוי פיל געסט אָן אַנהאָרע״. און „גאָט זאָל כאָטש פירן קעשורע״.

אַ וואוילער איד אָט דער אַווראָם. אַ הויכער, א ברייטער, אָן אָנגעפּוישטער. מיט אַ רויט-גרינער באָרד, ווי טרוקענע פרישע אַטאַווע, מיט

אַ ווייכן פּאָנעם אין גאָלע קלייען, מיט גרויסע באַריידעוודיקע אויגן, אין אַן אַלפּאַגענעם זעקל גייט ער און איז אַ גוטער-ברודער. ער קען אַפילע מיט אינגלעך זיין אַ „פּאַנע-בראַטצע", כאָטש אַליין איז ער שוין אַ טאַטע פון פינף גרויסע זין. דערצו בעשאַס ער רעדט, שעמט ער זיך ניט, און דער ניגן איז בא אים אַ הויכער און אַ דאָרפישער. אַזאַ איז ער, אַוראָם דער פעטרישיער.

דער טאַטע איז אַראָפּ פון וואָגן און פרעגט אַוראָמען, קימאַט אַפן אויער, וואו עס וואוינט אָט-אָ דער און דער ארכיפּ. און אַוראָם ענט-פערט ווי אַזוי ער ווייסט און מיר פאַרפאָרן צו אַרכיפּן. נאָך אונדז פאָרן-נאָך נאָך צוויי מישפּאָכעס מיט קליינע קינדער מיט אַ קאָץ און מיט קריגעלעך מילך.

די מילך אַף „פּאַרשטאָפּן באַנאַכט די מיילער, טאָמער וועט דאָס קליינ-וואַרג זיך רייסן".

אָבער אַזוי ווי ס'איז ניט קיין מוז, אַז אַרכיפּ זאָל זיין שטענדיק אינדערהיים, ער קען דאָך אַמאָל זיין אין וואַלד אויך, צי אַפן בור, אָדער אַזוי אין אַ נעסיע, האָבן מיר אים, אַף אונדזער מאַזל, טאַקע ניט גע-טראָפן אינדערהיים, און ס'רעדט מיט אונדז זיינס אַ זונדל, אַ יאַט פון אַ יאָר 14 — אַ פּאַסטעכל.

— איך וועל ניט לאָזן אָן דעם טאַטן !..

— טאָ זיי-זשע ניט קיין קינד ! דיין טאַטע ברייַנגט דאָך מיר אַלע יאָר פעל אין דער אַרבעט !.. דיין טאַטע איז מיט אונדז דער בעסטער גוטער-ברודער !.. פרואוו אונדז ניט אַריינלאָזן, וועט ער נאָך אַף דיר שרייען אויך !...

— איך ווייס גאָרניט אַליין, אָן דעם טאַטן !

— טאָ ווען דאַרף ער קומען, דער טאַטע ?

— איך ווייס ניט, עפּשער איצאָוונט.

— נו, אויב אַזוי, איז דאָך גוט ! לאָז אונדז גיכער אַריין אין שייער, ביז דער טאַטע וועט קומען...

— דו ביסט אַ מייוון, וואָס אַ נאַר קען ?

און ווילנדיק — ניט ווילנדיק טראָגט אונדז דאָס פּאַסטעכל אַרויס אַ הילצערנעם שליסל און שליסט אונדז אָפּ דעם שייער. מיר שפּאַנען אויס דאָס פערד (באַ יענע זיינען די פורן געווען געדונגענע, האָט מען זיי אָפּגעשיקט אַהיים), און מיר שפּרייטן אויס אין שייער רעדנעס מיט קי-ליעמעס און מיר צעלייגן זיך.

דריי מישפּאָכעס זיינען מיר אין שייער, איז יעדער מישפּאָכע נאָך מיט אַ קליינעם צולאָג...

און אַז א קינד טוט אַ ניאַוועקע — גיט מען אים מילך. א פרעמדער אינגל אַ שלאַפער ליגט דאָ — וויל ער גאָרניט, און עלטערע, אַזוי ווי זיי האָבן ניט פון וואָס צו ריידן, שווייגן זיי גאָר.

איך בין אַרויס איינדעקן דאָס פערד מיט דער פּאָפּאָנקע און אים צושאַרן אַביסל פריש היי, איז צוגעגאַנגען צום וואָגן אַן אַלטינקע, פון דעם צווייטן שכיינישן טויער איז זי אַריין, א באָרוועסע, אין אַ לייוונ-טענער העמד און מיט צוויי פּאַרטעכער, פונפאָרנט און פונהינטן, פאַר אַ קליידל.

און זי וויינט!

זי וויינט, וואָס איר איז באַשערט זען אַזוינס מיט אירע אויגן:

— סטייטש, סטייטש, אַ דאָר היינט אָנגעוואַקסן א וויסטער און אַ ביטערער!.. צי דען-זשע וועלן זיי דערלעבן פאַרנוצן פרעמד גוטס?... ניין! אַמאָל האָט מען, כאָלילע, ניט געהערט אַזעלכע גיינג!.. און עפשער האָט עס די פאַרשאָלטענע מילכאָמע אַזוי צעלאָזן דאָס פאָלק?

אין א ווײלע אַרום ווישט זי אויס די אויגן, שלעפּט אַרויס א הייעלע פון וואָגן, זי פּרואווט עס אַף אירע אַלטע אויסגעפוילטע ציין און דער-מאָנט זיך:

— מיט איין זאך, מיין קאָטעקל, זיינט איר נאָר אביסל שולדיק— ניט באדארפט געוועזן אויסבאַהאלטן די זאלץ! זאָלסט נאָר וויסן, מיין טייערינקער, ווי אזוי דאָס פאָלק בידעוועט בא אונדז אָן זאלץ... נו, פרעג איך אייך מער ניט, אף וואָס האָט איר עס באדארפט טון אזא זאך? א מאיכל אָן זאַלץ איז דאָך ניטאָ ערגער! אפילע א בעהיימע זאלצט מען דאָך צו דעם טרונק! וואָס דארפסטו מער? אַפילע א בעהיימע! אוי, קאָטעקל מיינער, ווי אַזוי מיר מאטערן זיך דאָ אָן דעם קאַפּ זאַלץ!... ס'קען זיין, אַז דערפאר אַליין איז דאָס פאָלק אין קאַס—ס'גייט זוכן זאַלץ...

— יאָ,— זאָג איך דער אלטינקער,— דאָס פאָלק איז אין קאס, ס'גייט זוכן זאלץ.

— ...גאָט זאָל טאַקע אָפּהיטן אונדז און אלע מיינע ליבע פון אַזעלכע גיינג. ווארט נאָר אויס, קאָטעקל, א ווײלע, ווארט אויס, איך גיי באלד צו.

און פאַר צוויי מינוט האָט זי זיך צוויי מאָל דורכגעדרייט דורך די צוויי טויערן און געבראַכט אין א הילצערן שעפל א צען געבראָטענע בולבעס.

— גיב די קליינע קינדער, זאָלן זיי עסן, גיב, מיין טייערער, —און זי ווישט מיטן פארטעך די אלטע אויגן.—

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

57-2500

אין א שאָ אַרום איז שוין דער טאָג געווען אויסגעלאָשן פון אלע ווינקלען. און דער אָוונטיקער אַש עסט יעדער אויג, וואָס וויל נאָך זיין אָפן. פון יענער זייט שייער שמעקן גרעזער,— גרינע גרעזער. פון יענער זייט שייער ליגן גרינע גערטנער. ס׳ליגן גערטנער אין גרויסער טאיווע, און יעדער גרעזעלע טוקט זיך אומפאַרשעמט און אומגע־שטערט אין פרישן, קילן טוי... בא אונדז אין שייער איז דער פאָל א טרוקענער און א גלאטער,— פאַראן אָרט פאַר אלע דריי מישפאָכעס. בוזי דרימלט שוין א מידע, און איך וואָלט א באלן זיין איר אויסטון די שיך פאַרן שלאָפן. איך וויל זי נאָר ניט וועקן. די מאַמע דרימלט שוין אויך, די קינדער אויך. דער טאַטע קען נאָך, ווייזט אויס, ניט אַנשלאָפן ווערן. ער וואָלט נאָר וועלן ליגן שטיל און ניט שטערן יענעם. ארום איז דאָס לעבן צוגעשטילט, מ׳הערט נאָר, ווי דאָס פערד קייט, איינ־טאָניק און נאָכאנאַנד. איך האָב שוין איין צוגעקלעפטע, שווייסיקע שקארפעטקע פאמעלעך בא זיך אַראָפגעשלעפט, נאָך איין צי שקאַרפעטקע פון דער צווייטער פוס. עמעצער עפנט אונזער טויער. בא די שייערן זיינען די טויערן ברייטע, און אין די דערפער איז די לעוואָנע א גאנצע און שטייט נידעריק, האָט זיך דער שייער בא אונדז אָנגעגאָסן א פולער מיט לעוואָנע-שיין. אָבער ווער דאַרף עס צו אונדז אין שייער אזוי שפעט — ס׳איז דאָך שוין צייט שלאָפן! נאָר איך זע שוין. דאָס איז ווייטער דאָס פאַסטעכל:

— אידן! א, אידן! גייט אייך פונדאנען! איך וויל ניט, איך האָב זיך מוירע!

— פאַר וועמען האָסטו מוירע?

און דאָס פאַסטעכל ווייסט ניט, פאַר וועמען און פאַרוואָס, ער איז א קליינער נאָך, „ער האָט זיך מוירע, מ׳זאָל אים ניט אונטערצינדן”. ער וויל ניט און ער וויינט.

ווייזט אויס, ניטאָ זיך מער וואָס צו דינגען. דער איניען איז קלאָר — מע דאַרף אוועקגיין פונדאַנען. ס׳פרעגט זיך נאָר — וואוהין?

דער אוילעם האָט זיך פאנאנדערגעוואכט צוביסלעך, מ׳האָט זיך גענומען פאַמעלעכן אָנקוקן איינער דעם אנדערן און דערפרעגן. מ׳האָט זיך גענומען קרימען איינער אף דעם אַנדערן, וואָס מ׳לאָזט ניט מיט קיין אויג צונויפירן. מ׳האָט זיך נאָר-וואָס אָנגעווארעמט — און נא דיר. אָבער באלד קומט מען צו-זיך, די לאגע ווערט קלאָר, כאָטש מע מישט זיך נישט — ס׳ניט קיינעמס אייסעק! — א פאָר מאַנסבלען אייצענען זיך און קערן. ס׳איז געווענט אין זיי. יענע וועלן עפעס באקלערן, און ווי אזוי זיי וועלן הייסן, אזוי וועט זיין...

און דאָ, אויב איר ווילט, איז טאַקע די צאָרע, וואָס די מאַנסבלען אליין ווייסן גראדע אויך ניט וואָס צו טון:

עפשער אוועקגיין פונדאַנען און דערנאָך זיך אריינגאנווענען צוריק?

עפשער איינשפּאַנען דאָס פערד, זיך אַרויסכאַפּן פון דאָרף (איצט איז שוין שווער) און אַפן פעלד ערגעץ אונטערן פרייען הימל אונטער-נעכטיקן אַזוי (ס'איז עפשער א מוירע, האַ?).

איז עפשער וואָס? איז עפשער ווען?—... צוריק קיין סלאָוועשנע (מיר ווייסן גוט דעם וועג)... נאָר ס'טויג ניט!...

דער טאטע איז אוועק אַפן דאָרף.

לאָזט זיך אויס, אַז בא אַוואָמען די אידן ווייסן נאָך אויך ניט, וואו זיי וועלן נעכטיקן. עפשער וועלן זיי אזוי ארומגיין די נאכט ארום שטוב, און בא אונדז זיינען דאָך קליינע קינדער, נו?..

און דער טאטע האָט אָפּגערעדט מיט עסטערן דער פּעטרעשיער.

...צוויי מישפּאָכעס אונזערע מיט גאָר פּיצעלעך קינדער האָט זי שוין צעטיילט, עסטער, צווישן גאָים. אונדז וועט זי באלד אויך אן אייצע געבן — קומט.

עסטער האָט אונדז פאַרפירט אין א גאָרטן א נאסן פון טוי:

— זיצט דאָ איבער אביסל, — זאָגט זי און אליין איז זי ערגעץ אוועק.

זיצן מיר זיך אַ קארגער צענדליק מענטשן אין פארשיידענעם על-טער (הערשעלען דעם שוואַרצינקן איז 6 יאָר און דעם טאטן איז פינף און פערציק). אַלע נעמען מיר אויף אנדערש דעם נאסן גאָרטן און די פייכטע זאַמדיקע ראזאָרע. אָבער בעסער פון אלץ וואָלט דאָך טאַקע געווען, ווען מיר ליגן שטיל, טאקע גאָר שטיל. הערשעלע וויל ערגעץ, נאָר מיר בעטן אים, ער זאָל זיך איינהאַלטן אַף א רעגע און ניט אַרומקריכן. פאַר צאָרעס וואָלט זיך שוין גלוסטן א לאַך טון אויך, טופען אָבער אום דאָ ניט ווייט באָכורים, אזוי ווי די פערד טופען זיי און שפרינגען איבער די פלויטן. דאָס גייען זיי אַזוי אַף וועטשורקעס. פאַסקודנע באָכורים! נעכאַי וואָלטן זיי אף איין נאַכט אָפּגעלייגט די וועטשורקעס! זיי ווייסן דען ניט, אַז אידן זיצן דאָ מיט שניר און מיט טעכטער אין די ראַזאָרעס, און אידן האָבן זיך מוירע, וואָס זיי טופען דאָ אזוי נאָענט און רעדן הויך?

און עסטער קומט ניט... שוין אַזוי פיל שאָ, אַז זי איז אוועק, און אונדז האָט זי איבערגעלאָזן דאָ צווישן די בייטן. עפשער וועט זי שוין א' נגאַנצן ניט קומען?... געוויס וועט זי שוין ניט קומען!... די גאָים

האָבן איר אָפּגעזאָגט... און אף איר אייגענער שטוב דאַרף זי אויך אַ קוק טון...

די מאַמע האָט אָפּגעריסן א גרעזעלע פון בייט און זי באטראַכט עס, זי קלערט זיך אַזוי אַרום עפּעס. זי וואָלט גערן אונדז אַלעמען דערציילט ארום וואָס זי קלערט אין דער רעגע, נאָר איצט איז עפּשער ניט קעדאי צו פאַרברייננגען אַף א קאָל...

— נו, אידן, קומט!

דאָס איז עסטער געקומען אונדז א רוף טון. עסטער רעדט גראָב. אַז זי זאָגט „קומט", הערט מען יעדער אָס באַזונדער, ווי ער רעדט זיך בא איר אויס, נאָר ס'מאַכט ניט: „געזונט מעג זי טאַקע זיין, אָט די עסטער, וואָס פאַר א טויווע זי טוט אונדז אין אזא צייט!" — די מאמע האָט איר געדאַנקט, און גרעסערע מיט קלענערע, און גאָר קליינע מענטשעלעך קאַטשען זיך איבער, יעדערער אף זיין אויפן, איבער א ניט געוואוינטן, פרעמדן פלויט (און איר כידעשט זיך נאָך, וואָס מיר האָבן בא קיינעם גאָרניט געגאַנוועט!...).

— שלאָפט ספּאָקאָינע, — זאָגט זי, — דאָס זיינען וואוילע פויערים, און זיי האָבן אויסגעשפרייט א בעטל אויך. דאָרט שלאָפט, געוויינטלעך, זייער אַ יונג פּאָרפאָלק. ס'איז א ריינע סטאָליארסקע שטעלכענדל.

די מאַמע האָט אינקורצן צוגעוואונשט עסטערן, וויפל איר איז געקומען, און מיר זיינען אַריין אין א גרייטער אכסאַניע, וואו מיר האָבן נאָך אַפילע אין די אויגן ניט געזעען די באלעבאַטים, און מיר וועלן זיי ניט זען אויך עפּשער ביז סאמע טאָג. — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

ביז טאָג איז ווייט אָדער נאָענט? (ס'איז דאָך פאָרט מער ניט, ווי אַ זומערדיקע נאַכט.) און מיר האָבן זיך איינגעמאָסטעט און איינגעטיילט צווישן זיך דעם פרייען פלאַץ, ווי אויך דאָס פאַרשפּרייטע בעטל פון דעם יונגן פּאָרפאָלק... נאָר דער שלאָף איז שוין בא איטלעכן דורכגע-גאַנגען, און פון יענער זייט וואנט קלאפּט עמעצער. סאיז עפּעס ניט אַזוי ווי מע קלאַפּט, נאָר אַזוי ווי מען קלעטערט זיך...

ווער זאָל עס זיין? און אויב שקאָצים מיט מעסערס, וואָלט מען עפּשער דאַרפן האַלטן אַ פלאָקן לעבן זיך...

יעדערער קלערט, וואָס אים קלערט זיך, נאָר צווישן זיך איז אַפילע קיין צענטן וואָרט ניט!.. און וואָס טוט זיך איצט אין סלאָוועשנע? ס'איז שטיל, צי ס'איז כאָגע? און בא אונדז פון יענער זייט וואַנט — ניט אזוי ווי מע קלאַפּט און ניט אַזוי ווי מע קלעטערט זיך! עפּשער איז עס גאָר א 17-יאָריקער שייגעץ, אַ גוילאָמעוואַטער און אַ יאָסעס,

אַ שייגעץ אַ שלימאַזל, וואָס טויג ניט אַ קאַץ אַ עק פאַרבינדן, און דאָ וויל ער זיך דערקלייבן צו אַ מישפּאָכע אידן, אהער אין סטאָליארסקע שטעלכענדל ?... איר וועט זען, אַז איך וועל אים מיט אַ פלאָקן דעם קאָפּ צעשפּאַלטן, אָט דעם אָ טאַם, אָט דעם אָ יאָסעם דעם שלי-מאזלדיקן!..

בוזי שלאָפט מיט די מיידלעך. עפשער איז זי טאַקע אנשלאָפן גע-וואָרן אויך. און מיין מאַמע דאַרף זיך דאָ וואָגלען אין די פרעמדע שטאַלן... און הערשעלע... דוכט זיך, וואָס וואָלט איך ניט אָפּגעגעבן און ניט אָפּגעטון דערפאַר, אַז די מאַמע, מיט בוזין, מיט הערשעלען זאָלן זיך ניט וואָגלען אַזוי. און אַפילע דער טאטע און די שוועסטער!... יענע מאַמע מיט די קינדערלעך זיינען ערגעץ ווייט פון אונדז. וואו נעכטיקן זיי? אין אַ שטאל צי אין אַ שטוב? און אין ראַדאָמישלע וואו נעכטיקט מען? און אין פּראָסקוראָוו? — — —

ס'קען ניט זיין, אַז מ'זאָל אין פּראָסקוראָוו אויסהאַרגענען 3000 אידן! 3000 איז אַ גוזמע... און ס'קלאַפּט דאָרט אַלץ פון יענער זייט וואַנט. אויב נאָר איין שייגעץ, וועל איך אים האַרגענען. אויב אַפילע צוויי און דריי. נאָר אויב אַסאך, וועל איך זיך ניט רירן פון אָרט.

שקאָצים גייען ערגעץ ווייטער פון וועטשורקעס, מע רעדט הויך און מע לאַכט. — — — — — — — — — — — — — — —

זאָלן זיי גיכער דורכגיין! — — — — — — — — — —

שוין! זיי זיינען שוין אוועק! — — — — — — — — —

נו, איצט וואָלט איך וועלן אָדער אַנשלאָפן ווערן, אָדער ס'זאָל שוין ווערן טאָג.

קען דען זיין, אַז יעדער נאַכט פרעסט אוף אַזוי פיל צייט, ביז מע דערלעבט טאָג? און עפשער קלאַפּן דאָרט ניט קיין שקאָצים פון יענער זייט וואַנט, עפשער איז דאָס נאָר אַ שטעלכענדל פון שאָף?...

— ס'שאָף,—טו איך אַ שעפּטשע, קאָם וואָס מ'הערט,—דאָרט איז אַ שטעלכענדל פון שאָף. פון יענער זייט וואַנט קלאַפּן זיי דאָרט.

טאָמער שלאָפט עמעצער ניט, וועט ער מיך דערהערן, און איך וועל יענעם מאַכן גרינגער אַף אַסאך.

און ס'ווייזט אויס, אַז איך בין געשלאָפן אויך. וואָרום ווי אַזוי ס'איז געוואָרן טאָג, האָב איך ניט געזען.

---

אַ פרימאָרגן איז אַ שיינער אין פּעטרעשי, און מיר זיינען אלע גאַנץ. וואָס פעלט אונדז נאָך?..

— זאָל אייזיק פאָרן אין שטאָט אריין און זען, וואָס דאָרט הערט זיך.

און אז אייזיק פאָרט, דאַרפט איר וויסן, פאָרט בוזי אויך. אזוי. איר איז עפּעס אומהיימלעך אָן אים.

אף דער אלטער אַכסאַניע איז דאָס פערד מיטן שפּאַן, אבי ווי אזוי, געבליבן גאַנץ. טאָ זאָל זיין געשפּאַנט און געפאָרן. הערשעלע וויל אויך פאָרן. דער וויל אויך, יענער וויל אויך. איז איצטער פאָרט קיינער ניט, כוץ אונדז צווייען, און אז מירן ברייגנען אַ יעדיע וועלן אלע פאָרן.

אין אן אַנדער טאָג, און אף פראָסט לאָשן, וואָלט עס הייסן, אז איך מיט בוזי׳ן מאכן מיר אַ קאַטאַשקע, וואָס מיר האָבן זייער ליב. אָבער מיר האָבן דאָך קיינמאָל ניט קיין פערד...

דעם טאַטנס פערד איז א גוטער. פאַר 20 מינוט וועלן מיר זיין אין סלאָוועשנע.

דער וואָגן קאַטשעט זיך באַרג-אַראָפּ, צווישן די גאָלדענע ברויטן; דאָס פערד לויפט ד ר ו ז ש נ ע ; ס׳איז א לעבעדיקע וועלט — אַ מעכאַיע! הינטערן שטאָט באגעגענען מיר א פאסטעך מיט בעהיימעס. פון אלערליי קאָלירן זיינען זיי, די בעהיימעס, און פון פארשיידענער גערעטעניש.

— בעהיימעס, איר האָט אלע געגעכטיקט אין סלאָוועשנע. עפּשער ווייסט איר אונדז וואָס צו דערציילן? עפּשער קענען מיר זיך באַ אייך עפּעס וואָס דערקינדיקן וועגן אונדזער היים, וועלכע מיר האָבן איבער-געלאָזט אף א נאכט א נאכטישער, אין פרעמדע הענט? — — —

שאַ, אָט פאָרט נאאום מיט זיינע אָקסן. ער פאָרט אין וואלד אריין נאָך האָלץ. אזוי ווי איר זעט אים, נאַאומען, איז ער זיך א קורצער גאָיטשיקל, אַ געגאָלטער און מיט לאנגע אוקראַינישע וואָנציס, אַ מענטש אָן ס פּ ע ש ק ע ס, און אויב ער קלערט, האָט ער זיך גענוג זייניקס פון וואָס צו קלערן — קיין פרעמדע איניאָנים גייען אים ניט אָן.

— נאַאום, וואָס הערט זיך עפּעס אין שטאָט?

— טפּפרר! אין שטאָט? וואָס זאָל זיך הערן? גאָרניט! מ׳האָט גע-טראַסקעט באַנאַכט, געקלאַפּט און געבראָכן!

— און אזוי וואָס הערט זיך? — און די זון לייגט זיך דערווייל פלעקנווייס אף זיינע אָקסן מיט די רויטע פעל אזוי, און אף מיין פערד מיט דער אש-קאָלירענער פעל אנדערש: מיר פאָרן א י ן שטאָט, זיי — פ ו ן שטאָט. — און אַזוי וואָס הערט זיך אין שטאָט, נאַאום?

— אַזוי — גאָרניט. פון האָראָדעץ האָט מען געבראַכט פיר זשידקעס געקוילעטע. פרעמדע זיינען זיי, כוץ כיטריקס איידעם.

— כיטריקס איידעם? דער הויכער?

— יאָ.

און כיטריקס איידעם איז אַ הויכער, אַ גלייכער, ווי א סאָסנע, מאָרדכע-לייזער גערשטיין! אויב צו אזא גערשטיינען אז מ׳האָט זיך דערקליבן, מ׳האָט אים בייגעקומען און מ׳האָט אים געקוילעט, איז עס שוין ניט אזוי פּראָסט...

— ווארט אויס, נאַאום, ווען איז עס געווען? ווען האָט מען זיי געבראַכט?

— ווען מ׳האָט זיי געבראַכט? נעכטן. מ׳האָט זי, נאָך נעכטן, דאכט זיך, באַהאַלטן. דאווקע אַ שאָד כיטריקס איידעם. ער איז געווען אַ וואויל אידל.

— און איצט וואָס הערט זיך אין שטאָט?

— איצט שטיל, דאַכט זיך... קסאָ!

— וויאָ!

אַ זון איז אַ שיינע אינדרויסן. די פענצטער פון דער שקאָלע וואָס אַפן גרינעם אונטערן-שטאָט גלאַנצן אַנקעגן. און דער פרימאָרגן קומט אויס אַפילע אזוי ווי אַ פריילעכער.

בוזי האַלט זיך אָן פאַר מיין האַנט. איר איז זייער שווער, וואָס מ׳האָט געהאַרגעט מאָרדכע-לייזערן, כיטריקס איידעם. זי איז אַ יאָר גע-זעסן מיט זיי אין איין דירע. באַ מאָרדכע-לייזערן איז אַ שטוב מיט שיינע קינדער, און די עלטערע צוויי אינגלעך זיינען שוין גרויסע.

בוזי טוט מיר אַ קוק אין די אויגן און פרעגט:

— אייזיק, אזוי פּאָשעט שניידט מען א מענטשן דעם האַלדז מיט אַ מעסער? אַזוי ווי אַ רינד אָדער אַן אָקס?

איך האָב קיינמאָל ניט געזעען, ווי אַזוי מע קוילעט.

— און א ריִנד — פרעג איך — האָסטו שוין געזעען אַ מאָל ווי אַזוי מע קוילעט?

ניין, אַ קאַלב האָט זי געזעען, בוזי׳לע, באַ זיי אפן גאָרטן האָט מען געקוילעט. ס׳זיינען געווען באַ דעם געבונדענע פיס, און עס האָט שטאַרק געכאָרכלט!.. זי וויל שוין מער ניט דערציילן, בוזי׳לע, ס׳גרוילט זי, אַז זי דערמאַנט זיך... זי האָט דענסמאָלט אַ וואָך ניט געקענט קוקן אַף זייער קאָרעוו דעם שויכעט. איר האָט זיך געדאַכט, אז ער איז זייער אַ מיעסע באַשעפעניש, דער שויכעט, פע-ע — — — — —

---

די גאַסן זיינען באַ אונדז אלע איבערגעקרייצט מיט פעדימלעך פון שרעק. אָבער טרעט מען זיי נאָר אריבער, ווערן זיי צוריק היימיש, אונדזערע גאַסן, און ליב. ס׳איז נאָר שווער פאַרקערעווען אף א צווייטער

גאַס אָדער געסל. ביז דו שפּאַנסט ווידער אריבער די שוועל פון אומהיימלעכקייט און ס׳גייט זיך שוין ווייטער גרינג. און אַן אויסזען האָבן אונדזערע גאַסן ניט פון פורים און ניט פון כאלעמויעד: די קליינע זיי־נען ניט אָפן, ניט פאַרמאַכט. די קרעמערס האַנדלען ניט. די שוסטערס קלאַפּן ניט. אלע זיצט מען אויסגעשאָטן אַף די פריזבעס און ווי מ׳טריקנט זיך אַף דער זון. און עפשער לופטערט מען זיך, און עפשער ניט דאָס ערשטע און ניט דאָס צווייטע, נאָר פּאָשעט מע וואָרעמט זיך.

אין שטעטל איז שטיל... באַנאַכט איז זיך געווען, וואָס ס׳איז געווען, אָבער איצט איז שטיל... בוזי וועט זיך דורכגיין, עפשער וועט זי הערן ערגעץ אַ גרוס פון דער מאמע מיט די קינדערלעך, און איך פאָר נאָך אונדזערע לייט.

די פיס הייבן זיך נאָך מוטיק. ס׳איז ליכטיק, ס׳איז זוניק און ס׳איז אַפילע גריננ.

---

דאָנערשטיק איז אַ טאָג, און מיר זיינען, דוכט זיך, מענטשן. אין אַ לאַגע זיינען מיר ניט גאָר אין קיין גוטער. נאָר עפשער איז עס פאַר אונדז ניט קיין נייס. ס׳איז דאָך שוין אזוי לאנג, אז מיר שלאָפן ניט אף אונדזערע געלעגערס. ס׳איז דאָך שוין אַזוי לאַנג אין דערינען, אַז דאָרט, וואו מיר טאָגן, דאָרט נעכטיקן מיר ניט. איז טאַקע קיין כידעש ניט, וואָס היימישע שקאָצים רייצן זיך מיט אונדז. זיי רייצן זיך מיט אונדז און מיר שווייגן, ווייל אף פינף אונדזערע — זיינען דרייסיק זייערע.

— גייט, קינדער, צו האנען סאָכוועס און טרינקט זיך אָן מיט מילך.— דאָס שיקט אונדז די מאמע צו האנען, צו שמאָילעס ווייב, דאָרט שטייט אונדזער מילך.

גייען מיר צו האנען סאָכוועס. יענע רעדט מיט מיין שוועסטער, אזוי ווי מיט א כאווערטע, אַזוי זיך פון שטוב-זאַכן און פון באלעבאטישקייט. אין אויוון הייצט זיך באַ איר, און זי דערלאנגט אונדז מילך מיר זאָלן טרינקען. גלייך פון די קריגלעך קענען מיר טרינקען, אויב מיר ווילן... באַ איר איז אַ קאַנטיקער פּאָנעם, באַ האנען, אַ פלאַטשיקע מאָרדע און ווייסע ציין. באַ איר זיינען נאָך קלוגע אויגן, לאכט זי צו אונדז מיטן גאַנצן פּאָנעם, מיט די קלוגע אויגן און מיט די ווייסע גלאנציקע ציין, און מיר זיינען שוין מינאסטאם בעטלערס ניט פון ערשט, — טרינקען מיר באַ האַנען מילך פון האלב אופגעשטעלטע קריגלעך. אויבן איז די מילך פעט. שמירן זיך די ליפּן, די נאָז, און פלוצים טוט זיך אַ גאָס שיטערע מילך, זויערע, און ס׳באַגיסן זיך די מאלבושים. אַ דאַיגע! די מאלבושים זיינען ניט פון קיין זייד, ס׳איז נאָר עפשער ניט שיין

פאַר האַנען. די אייגענע קריגלעך קענען מיר אַוועקטראָגן צו אונדז אין שטוב, אין דער אויסגעזידלטער, אין דער איבערגעריעטער, און דאָרט וואָלטן מיר...

— האַנאַ, מע מעג נעמען?

— נו, נעמט. איר וועט נאָר ברענגען די קריגלעך צוריק, וועט זיין אין וואָס מעלקן אייער בעהיימע (אַזוי ווי מיר האָבן נאָך אַ בע-היימע).

— האַנאַ, און וואָס טוען דאָ באַ דיר דאָס רויטע ביינקעלע און די צוויי שטולכענס?

האַנאַ איז געוואָרן רויט. זי האָט זיך דען פאַר אונדז וואָס צו שעמען, האַנאַ? נעכאי וואָלט זי נאָר עפּעס ענטפערן. וואָס ס'ניט איז מעג זי זאָגן — און גענוג:

— ס'איך האָב געקלערט, איך וועל איבערטראָגן וואָס ס'ניט איז אַהער... וועט איר זיך אומקערן, וועט דאָס זיין אייערס. עלע ניט, טאָ לעמאַי זאָלן פרעמדע אופעסן? אָט זיינען די פאָרמעס אויך אייערע, די פאָרמעס און די בעקנס.

האַנאַ איז רויט, זי איז פאַרשעמט, זי האָט זיך פאַרלאָרן אביסל, אָבער זי איז גערעכט. גוט, וואָס זי טוט אַזוי. און דאָס קריגל מיט דער האלב אופגעשטעלטער מילך טראָגן מיר צום שטוב.

— און ברויט? זע, מיר האָבן זיך גאָר פאַרגעסן, מיר האָבן דאָך ניט קיין ברויט!

היינטיקע נאַכט האָט מען זיך שוין געפּאָרעט קליגער. היינטיקע נאַכט האָט מען אפילע דעם זויערטייג אויסגעשאָבן פון דייזשע, און אין שטוב איז אפילע ניטאָ קיין פּיצל כאָמעץ.

כוועדאָסיאַ, וואָס לעם סראָל-דאָוועדס שטוב, לויפט פון ברונעם מיט אַ קאָראָמעסלע וואַסער. זי וואָלט וועלן דורכלויפן און אונדז ניט דער-זען, נאָר די מאַמע שטעלט זי אָפּ.

— כוועדאָסיא, דו גייסט אַהיים, ליי מיר דאָרט אַ שטיקל ברויט פון די קינדערס וועגן.

— ברויט? — ניט פון אונדזערטוועגן האָט זי געבאַקט, כוועדאָסיא, ברויט. זי איז אַדאַמקעס אַ שוועסטער — אַדאַמקעס, וואָס לעם זיידלס האַרבאַרני. און זי איז אַ מאַרשאַעס. זי קען אָבער קיין כאַזער ניט זיין, מיר וואוינען אַ טיר אַנקעגן אַ טיר...

— מאַמע! כוועדאָסיא האָט געגעבן אַ פלעצל!

— זאָל איר גאָט געבן קריינק, דאָס פלעצל איז אַ פאַר-שימלטס!

מיר בּרעכן אוף דאָס אַלטגעבאַקענע פּלעצל. טאַקע אַנעמעס. אינעווייניק איז עס הוילער שימל. פונוואַנען האָט זי עס געוואוסט, די מאַמע? אָבער מ׳דאַרף עסן כאָטשבי אַ פאַרשימלטס.

---

מיך וואונדערט נאָר, פאַרוואָס מיר האָבן ניט פאַרשלאָסן בּאַ אונדז די שטוב נעכטן, ווען מיר זיינען אוועק.

— קעדיי מע זאָל ניט בּרעכן די פענצטער, — זאָגט דער טאַטע. —

און מאָטלען פייגלס איז אַ כידעש, פאַרוואָס איך גיי אין אַזעלכע צעריסענע הויזן.

— קעדיי מ׳זאָל מיך ניט לאָזן אין איינע גאַטקעס, — דערקלער איך אים. און איך מיט בּוזי׳ן גייען מיר אין שטאָט אַריין. אין שטאָט זאָגט מען, אַז יעשועס דער קאַזשושניק (פעלצנמאַכער) האָט זיך אויסגעבּאַהאַלטן מיט דעם געזינד, האָט מען זיך אַריינגעריסן צו זיי אין שטאַל אַריין, טכילעס אָוונט איז עס געווען, און מ׳האָט געקוילעט די ווייב און די צוויי זין.

איינער, דער עלטערער, דאָוויד, איז אויך אַ שניידער. ער איז אין מיינע יאָרן און איז זייער אַ שיינער.

דאָוויד פריינק.

יעשועס געזינד רעכנט זיך בּאַ אונדז איינע פון די בּעסטע אין שטאָט, און דאָוויד האָט, הייסט עס, איבּערגעלאָזן אַ קינד מיט אַ ווייבּ.

בּוזי איז געוואָרן זייער אומרואיק. די מאַמע מיט די קינדער זיינען דאָך אוועק אַף דעמזעלבּן שליאַך. בּוזי וויינט. ס׳איז אָבּער ניטאָ וואָס צו וויינען. ווען, כאָלילע, עפּעס — וואָלט מען דאָך געהערט. זיי זיינען אַוועק אַ כעוורע עפּשער פון 30 מאַן.

— בּוזי׳לע, וויין ניט, און לאָמיר אבּיסעלע קלערן פון דאָווידן פריינק. פון זיין מאַמע און פון זיין בּרודערל כאַים-לייבּ. ער האָט זיך דאָ ניט לאַנג געוועזן געקויפט אַ פידל, כאַים-לייבּ, ער האָט זיך געוואָלט לערנען שפּילן...

און אין גאַס איז ניט פּורים און ניט כאַלעמויעד. אידן זיצן אַף די פריזבּעס און אַף די גאַנקעס. גאָים שכיינים — אייניקע זייערע טוען אויך גאָרניט. ווער ס׳רעדט מיט אַ אידן אַף דער פריזבּע, און ווער ס׳זיצט זיך אַף דער שוועל פאַר זיין טויער. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ זינגענדיקע פּרויאישע שטים. ס׳איז געוואָרן אַלעמען הייס, און די האָר האָבּן זיך גענומען שטעלן קאַפּויר. עפּעס אַ פּרוי גייט אַרום און זינגט... די הענט הייגען בּאַ איר, דער שאַרף איז נאַכלעסיק פאַרוואָרפן אַף דער פּלייצע, און פון בּיידע זייטן הייגען די פאָלעס מיט די פרענזן...

אַזוי טראָגט זי דעם שאַרף, אַזוי היינגען בא איר די הענט, ס'זאָל איר זיין וואס גרינגער און זי זאָל זיך קיין טירכע צוליב זיי ניט דאַרפן אָנטון... און גיין גייט זי אויך אזוי — ניט באַ-דער-זייט און ניט פונ-ווייטן, נאָר אין סאַמע מיטן גאַס, דאָרט וואו פורן דאַרפן פאָרן. אַזוי גייט זי זיך פריי-טאַליע. פון דאָלינע איז זי אָנגעקומען, און איבערן מאַרק; איצט גייט זי איבער ליסטווענער גאַס אף דער סאַמע מיט און זינגט... — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'אַ גוילעם איך בין, ס'אַ טאַם אן אויסגעשמירטער — ווער זינגט? זי זינגט דאָך ניט! ס'איז דאָך דאָווידס ווייב! דאָוויד פריינקס! — וואָס מ'האָט אים היינט באַנאַכט געקוילעט אין בעהון! איינײנעם מיט זיין מאמע און מיט זיין יונגערן ברודער. דאס איז דאך זיין ווייב! און זי זינגט ניט. זי פרעמפּלט נאָר אזוי ווי א גאַלעך. ניין, זי דעקלאַמירט מיט א הייזעריקער אָפּגעלאָזטער שטים אזוי ווי אין טעאַטער. און-אביסעל זינגט זי דאָך טאַקע צו אויך. אף א מיטעלן קאָל מאַכט זי עס, אזוי ווי זי רעדט צו עמעצן. און גיין גייט זי פאמעלעך, מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט, ווי זי האט סייווי ניט וואס צו איילן. איר וועג איז דאָך אזא לאַנגער, — ניטאָ זיך וואָס צו איילן! פונקט אזוי, אז זי וועט גיין, וועט זי עפשער טאַקע פאַרגיין. און זי זינגט:

אַוואַדע קענט איר אלע דאָווידן,
דאָווידן פריינק פון דאָלינע,
יעשוע דעם קאזשושניקס זון.

———

ער איז אויך געווען א קאָזשושניק,
נאָר בא מיר איז ער טייערער פון פרינצן,
אָט דער-אָ דאָוויד איז געווען מיין מאַן.

———

אַוואַדע קענט איר אלע דאָווידן.
אין זיין פּאָנעם איז געווען זיך ניט איינצוקוקן,
און גאַזלאָנים האָבן אים געקוילעט אין בעהון.

———

א פרישן, אַ צאַפּלדיקן, האבן זיי אים פון מיינע הענט ארויסגענומען.
בעט איך זיי:
גאַזלאָנים, קוילעט מיך אויך!

———

גאַזלאָנים, צי האָט איר ניט קיין מענטשיש הארץ?
איר האט דאָך אויך ווייבער מיט קינדער!
גאַזלאָנים! קוילעט מיך אויך! —

———

איך האָב זיי געקושט די פיס —
איך האָב זיך געשענדעט פאַר זיי
און איך בעט זיך:
גאַזלאָנים, קוילעט מיך אויך!

— — — — — — — — — — — — — —

דאָוויד, דו גייסט ניט,
דו גייסט ניט אָן מיר,
און איך ווייס ניט וואָס טון מיט דיין קינד...

———

אָך, אידן, וואס ווייסט איר?...

— — — — — — — — — — — — — —

זי גייט אזוי ווי די וואסער און זינגט, און אין מיר זיינען פאַרקילט געוואָרן אלע בלוטן. איך שטיי מיט בוזי'ן אָפּגעקערט לעם א וואַנט. מיר זיינען נאָך ביידע גאַנצע, און זי וועט נאָך באַלד צוגיין און וועלן ארויס-מאָנען איר העלפט. — — — — — — — — — — — —

און וואס טו איך, אויב זי דערזעט מיך און גייט צו צו מיר, זי נעמט מיך אָן פאַר א לאַץ:

— אַייזיק, איר קענט דאָך דאָווידן פרייגק!..

— אייזיק, איר ווייסט ניט פאַרוואָס מ'האט נעכטן געקוילעט דאָווידן פרייגק?

— אַזאַ שיינער, אזא ווארעמער! און איצט ליגט ער שוין דאָרטן א פאַרגליווערטער. אָט קומט אומיסטן און גיט א קוק.

אין מיר קילן מיינע בלוטן. בוזי איז טויט, ווי די וואנט, און איך וויל גאָר צוגיין צו דאָבען און זי פרעגן:

— דאָבע, איר ווייסט ניט? מ'וועט נאָך מאָרגן אויך קוילען אידן? איר קערט דאָך שוין וויסן דעם עמעס! אויב מ'וועט קוילען, טאָ זאָגט, וועלן מיר עפשער זוכן אייצעס, און עפשער אנטלויפן.

און איך האב בוזי'ן קאם פאַרפירט אהיים. בוזי איז אף דער צייט בוזי טאָר ניט וויינען.

———

ווער זיינען די גרעסטע מעכוטאָנים פון אונדזער סימכע, ווייסן מיר שוין: דאס זיינען קאָסענקאָ (קלימס זון), דער קובלינעץ (דער

נאַטשאַלניק מיליציע) און מאריטשקאָ לוכטאַנס — אונדזער שאָכן (דער אָרעמער, דער ציגיינער, דער ליגנער און וואס האט ליב אידן).

אף מאריטשקען איז אפילע ניט צו גלויבן: אט איז ער געשטאַנען דאָנערשטיק אפן פלויט לעם זיינע וויינשלביימער, געשטשיפּעט וויינשל זיך אין מויל אריין און האט נאָך אַפילע אָנגעשריגן אף א פּאָר גאָיעס.

— אַ, טראַסצאַ וואַשיי מאַטערי! — האט ער אָנגעשריגן אף די גאָיעס, — וואָס האט איר זיך דאס אופגענומען פאר א געשעפט, וואס! צי דען קלערט איר אופטראָגן אידישע לייבלעך און קליידלעך?

די גאָיעס האָבן זיך פאר אים פאַרענטפערט, אז זיי זיינען גאָרניט אויסן. זיי זיינען נאָר געקומען א קוק טון אף סלאָוועשנע, אבער ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פלויט, זיי צעעפנט די געשוואָלענע בוזימס און אַרויסגעשלעפּט א פּאָר-צוויי קינדערשע מאַטקעלעך, אן אלטן קאַמזויל און א פּאָר קינדערשע שיכעלעך. ער האָט דאָס א צייל געטון און א שאָך געטון מיט די אויגן.

— נאַ, — זאָגט ער צו פייגלען סראָל-דאָווידס, — נא, גיב אָפּ אָרעמע אידישע קינדער, טאָמער קליינינקע אידענונקעלעך אַזעלכע, זאָלן זיי אָנטון.

— בראַוואָ, מאַרקאָ! בראַוואָ! אט אזוי דארף מען זיי טאַקע אָפּצאָלן, די זלידנעס די קראָוואָפּיוצעס!

און די צוויי גאָיעס, איינע א יונגע, א שיינע, די צווייטע — א שוויגער, איז זיי אַריין די פאַרב אין די פענעמער אריין און זיי האָבן געמוזט פונדעסטוועגן אָפּטרעטן אונטער מאַרקעס אַקאָמפּאַנימענט:

— אהיים גייט, נאַרעשע שקאַפּעס! און ניטאָ וואס זיך קלייבן אהער! אז מ׳וועט אייך דארפן, וועט מען שיקן נאָך אייך!

— גערעכט, מאַרקאָ! — און פייגל קלערט זיך: הא? אַזעלכע גאָיעמ-לעך האבן געמעגט זיין אסאך, נאָר אין אַרעסטאַנטסקע ראָטע און אף קאַטאָרזשנע ראַבאָטע. פייגל ווייסט שוין עפּעס. זי איז נעכטן אינאָוונט געווען בא זיי אין שטוב, האט זי דאָרטן געטראָפן אביסל געסט, אז זי ווייסט ניט, ווי אזוי איז זי פונדאָרטן ארויס א לעבעדיקע. ניקאָלאַי דעם קייסערס בילד, וואס הייגגט דארטן די גאַנצע צייט, האט באַקומען גאָר-גאָר אן אנדער אויסזען, מיט א רויטלעכן יאָנטעוודיקן אָפּשיין, און אין שטוב איז געווען אזא כאָגע, וואס קיין איד, אַבי ער איז נאָר באַ די געדאַנקען, האט ער זיך ניט אהין וואס צו שטופּן!... פייגל האט זיך פּאַמעלעכן ארויסגערוקט אף צוריק, און דערנאָך האט זי געזעען, ווי אזוי מ׳האט מאַרקען אָפּגעשיקט אף א פערד רייטנדיק אין די דערפער אַריין. יאָ, דאָס האט איר נאָך גוט אָפּגעגאָלטן, וואס זי איז ארויס מיטן

לעבן, און מאַרקעס הויכע, ליגנערישע ווייב מיט א פאַרשטעקט קליידל אין טאַליע האָט איר גוטמוטיק איינגערוימט:

— דאָס פרעגן זיי זיך אזוי אף בראָנפן... מיליציאָנערן, דער נאַטשאַל־ניק און פרעמדע עטלעכע לייט. — און זי איז פריילעך פון אופנעמען אַזעלכע געראָטענע געסט. קייסאָרים כאַטש אף א ווײַלע. און אין אויוון הייצט זיך א רויטע מיט יאַנטעוו באַשמעקטע פרייד, און ניקאָלאַיס בילד באָדט זיך אין גרויסער פייערלעכקייט.

פייגלען געפעלט מוירעדיק, ס'אַרא רואיקייט מאַריטשקאָ שטייט עס איצטער אפן פלייט און ער שטשיפּעט די ווײַנשל צו זיך אין מויל אַריין און טרייבט נאָך די גאָיעס אויך. — עפּשער איז עס א קישעף אזא, — האט זי פלוצים א קלער געטון. — וויפל ווײַנשל ער שטשיפּעט אָפּ, אַזויפיל אידישע קעפּ וועלן זיי היינט לייגן, אט די געסט יענע. און זי האט זיך באַלד א כאַפּ געטון, אז ס'ניטאָ זיך וואס מאכן נאַריש, ס'איז מינאַסטאַם גאָרניט. ס'וועט גאָרניט זיין.

און דערווייל ווייזן זיך אַראָפּ צו אונדז אף דער שיניצע מאַכנעס לעווקאָוויטשער, מאזשאַריער און ווערפּיער שקאָצים, שקאָצים מיט העמ־דער אַריבער די הויזן, מיט באָרוועסע פיס און מיט פויגלשע אויגן. מיעסע, פּאַסקודנע שקאָצים. די פּאָלעס פון די העמדער זיינען באַ זיי פאַרנעצט און ווי אויסגעפּישט. זיי זיינען מיעסער פון פייגלען, וועלכע זעצן זיך אף נעוויילעס! זיי זיינען שוין דאָ. מיר האָבן זיי נאָך דערזועען אין מיקיטעס געסל, אז זיי שיטן זיך אהער. מיעסע אזעלכע און גאָר ניט קיין דרייסטע: איין הויכן געשריי אף זיי — און זיי וועלן זיך צעלויפן. אָבער איך וועל עס ניט טון. זיי זיינען אסאך, א היישעריק. מ'זאָגט, מייז אסאך, אז זיי באַפאַלן, קענען זיי אויך אמאָל אופעסן א מענטשן...

די שקאָצים די כאָסן־באָכערס קריכן צו אונדז אפן בוידעם זוכן. צו אונדז, צו דער מומע. זיי זוכן. וואס ס'ניט איז וועט פאַר זיי זיין א סכוירע.

די שקאָצים רייצן זיך מיט אונדז, זיי ווייזן אונדז א כאזערשן אויער, זיי זיינען אף אונדז אין קאַס, וואָס מיר האָבן אָפּגענומען באַ זיי אסאַך זאַכן אף צוריק! מיר האָבן צונויפגערופן שכיינים, מיר האָבן אָנגעשריגן אף די שכיינים, די שכיינים זאָלן אָנשרייען אף די פּאַסקודנע שקאָצים.

די שכיינים האבן אונדז געמוזט פּאָלגן און זיי האבן דורכגעטריבן די שקאָצים, באַ זיי אָפּגענומען זאַכן, און א פּאָר שקאָצים אפילע פאַר־שפּאַרט אף א געלעכטער באַ דער מומע אין קעמערל. — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דורך דעם אונטערשטן טויער פון האַרבאַרני־הויף האָבן זיך אָנגע־שאָטן א טשערעדע גאָיעס און שיקסעס מיט קליינע שקאָצימלעך און

שיקסעלעך. ס'איז א כעוורע, וואס איז געקומען אין שטאָט מיט קיילים־לעך אין די הענט, טאָמער טרעפט זיך גאַזע, טאָמער דזשעגעכץ — בע־קיצער, וואס ס'וועט קומען אונטער דער האַנט.

זיי האָבן זיך, אפּאָנעם, דערפרעגט וואו איז דאָ די האַרבאַרני. און האָבן זיך צוגעשטעלט אהער א פופציק מאַן אנערעך, און זיי שטעלן פּאַמעלעכע טריט. ס'איז דאָך פּאָרט ווייבער, זיי האָבן זיך מוירע טאָ־מער עפּעס...

— איך וועל זיי גיין דורכטרייבן.

— מע דארף ניט, — זאָגט די מאַמע.

— איך וועל דיך ניט לאָזן, — זאָגט בוזי.

— זאָלן זיי זיך וואַרגן מיטן דזשעגעכץ, — זאָגן די שוועסטער מיט די שכיינעס.

און מיר גלוסט זיך זייער איבערשרעקן די גאָיעס, שוין אַפילע אויסער פּאַרדרוס. אזוי זיך, פון ריינער שפּיל וועגן.

— איך וועל דיך ניט לאָזן, — זאָגט בוזי.

— מ'דארף ניט, — זאָגט די מאַמע, און איך האב אויסגעזוכט א שטיק שפּאָן פון קאָרע — קיין שטעקן איז ניט געווען אונטער דער האַנט — און האב זיך א לאָז געטון אף די „פלישטים":

— הוליאַ! א רועך אין אייער מאַמעס מאַמען אריין!

און יענע, נעבעך, אזוי ווי די דערשראָקענע הינער, אַ מאַך מיט די פליגלען — אהער, אַ שפּרונג מיט די פּיסלעך — אהין, „גאָט גיב קויעך" — און זיי לויפן. א צוויי זיינען אָבער שוין פּאַרקראָכן אין די סאַמע קאָד־שע־קאָדאָשים אריין, זיי זוכן דעם — „דיאָכטיו, קאָליב!"

— איך האָב געמיינט אביסעלע דזשעגעכץ, — קריכט שוין אייגע צוריק פון פענצטער.

— אז מע מיינט, פייגערט מען, א רועך אין דיין האַרץ אַריין! דו האָסט דאָ קיין דזשעגעכץ ניט אָנגעגרייט! — און איך שינד זי מיט דעם שטיקל שפּאָן.

די צווייטע איז אריינגעפאַלן אין א ביט, און די דריטע איז דורכן פענצטער ארויס און געכאַפּט פּיס.

— אַי, קליאַטשעס צעבאַרעטע, א רועך אין אייער טרייפער צורע אריין! — און אזוי ווי א גאַנער נאָך א ניצאָכן איבער א קאַץ, אזוי קער איך זיך אום צו מיינע ווייבער, א פולער מיט פרייד פון זיג.

און בוזי זאָגט:

— איך האב דאך דיר ניט געהייסן גיין. זיי וועלן באלד אָנרופן גאָים, זיי וועלן זאָגן, אז מ'האָט זיי דאָ געשלאָגן, וועט דיר זיין ערגער.

אזוי ווי צו יאָסעלען אָדער צו מיילעכן, גייט בוזי צו מיר צו פּעדאַ־גאָגיש און זי דערווייזט מיר מיט ביישפּילן, אז בעסער וואלט געווען זיין, מינאסטאם, ווען איך וואָלט געווען ז י פאָלגן.

אָבער איך האָב געזעען, אז מיינע לייט האבן געלאַכט, ווען די גאָיעס מיט די שיקסעלעך זיינען געלאָפן אזוי ווי די הינער נאָך א באָד, און בוזי אליין האָט אויך געלאַכט. האָב איך זיך שוין נאר א באַרים־געטון אף דעם כעשבן פון די גאָים, וואס ווען זיך מוירע האָבן אהער ווייזן. און איך בין געווען שטאַרק צופרידן.

---

פון שטאָט איז מען דערוויל געקומען און מע דערציילט, אז אכט מישפּאָכעס קלייבן זיך אף פורן און מע פאָרט קיין טוראָוו.

קלוג, זייער קלוג! וואָרום ביזוואַנען איז דער שיר?

עפשער זאָלן מיר אויך שפּאַנען און פאָרן קיין טוראָוו?

די מאַמע גייט ניט איין.

נו, פאָרן מיר ניט.

פון שטאָט דערציילט מען, אז די מישפּאָכעס פאָרן שוין ניט קיין טוראָוו.

פאַרוואָס?

איינמאָל, האָבן זיך די פורן אָפּגעזאָגט. דער פּאָגראָם־קאָמיטעט האט זיי, ווייזט אויס, פאַרווערט. און סיי ווי ווערט מען ניט ארויסלאָזן פון שטאָט.

פון שטאָט דערציילט מען, אז די פּאָגראָמשטשיקעס קלייבן א סכאָד, זיי ווילן זיך לאַדען מיט די אידן. דער גאַלעך וועט האַלטן א רעדע, דער ראָוו וועט אויך זיין.

די מאַנסבלען זיינען אוועק אפן סכאָד. מיין עלטערע שוועסטער מיט בוזי׳ן ווילן איך זאָל זיי אויך נעמען מיט זיך.

אַ מאָדנער סכאָד היינט! אַ טאָג ניט קיין יאָנטעוודיקער, ניט קיין וואָכעדיקער. אינמיטן מארק א שטיקל יאַריד, וואו מע האַנדלט ניט, וואו ס׳שטייען נאָר אינמיטן רעדל דער ראָוו מיטן גאַלעך. דער ראָוו איז איינגעטונקט אין בלוט, כאָטש ער וויינט ניט, ער קרעכצט ניט, ער קרימט זיך אפילע ניט, נאר מע זעט, אז ער גייט אָפּ מיט א נויט־שווייס און ס׳צאַפּט זיך פון אים דאָס כיעס: דא לאָדן זיך זייער ניט קיין גלייכע קויכעס. און באַ יעדער פונקט, וואו דער טאַקעף וועט זיך נאָר אָפּשטעלן, וואָלט מען דאַרפן זאָגן:

— פּראַווילנאָ, געזעכט!

— פּראַווילנאָ, געדעכט!

און דער גאַלעך האַלט די ערשטע רעדע:

— מ׳וועט דאַרפן פוילן באַם פּאָלק ער זאָל זיך האַלטן. ער זאָל אופהערן בושעווען. אָבער די אידן וואָלטן זיך דאַרפן היטן... (פּאַרוואָס?) — די אידן וואָלטן דאַרפן... (וואָס?)—און דער גאַלעך רעדט געהיט און גאָר ניט קלאָר. ער איז נאָך באַם סייכל, ער געדיינקט, אז איצט איז די מאַכט ניט קיין קלויסטערשע. אין קלויסטער קען מען אַנדערש רעדן, און דאָ דאַרף מען זיין אביסל געהיט.

איצט באַקומט א וואָרט סטאָהדאָט. דאס ווארט „סטאָהדאָט" איז אינ-גאַנצן א שטומער קלאַנג פאַר די, וואָס קענען ניט די ריק-רויטע צע-קאַרבטע צורע, אין דער רויטער באָרד איינגעפּאַסט, און די צוויי קליינע גאַזלאָנישע גרוי-שטעכיקע קוקערס. ס׳איז א געזונטער גאָי אין די פּערציקער. אים גליקט עפּשער ניט אין קיין קינדער, צי אין באַלעבאַ-טישקייט, דערפאַר אבער האָט ער שוין אָפּגעגעבן אלע עקזאַמענעס אף זיך באָדן אין אידישע טרערן: אידן זיינען פרעמדע! אידן זיינען ווערד-נע! די אידישע בעהיימעס עסן אוף די גאַנצע פּאַשע, די אידן שניידן אויס אף בעזעמער די גאַנצע וועלדער, די אידישע גענדז פּאַרמיסטיקן די גאַנצע שיניצע.—איז אלע יאָר דאָ אן ארבעט פאַרנעמען אידישע בעהיי-מעס. און אויב דער פשאָרע-מאַכער איז סטאָהדאָט, האט שוין דאַווקע די באַלעבאָסטע פון דער בעהיימע קורצע יאָר!.. איצט האָט סטאָהדאָט פּאָפּאַקס א וואָרט. און וואָס ס׳איז נעגייע צו אידן, זיינען פּאַראַן זאַכן, וואס ער האט ליב אויסשרייען אף א קאָל. שרייט ער טאַקע:

— העיויס... און אידן זיינען פון אלע יאָרן אַזעלכע! זיי האבן אַפּי-לע געשיקט לאָקשן דעם דייטש בעאייס דער מילכאָמע... איצט ווילן מיר ניט, זיי זאָלן זיין קאָמוניסטן.

— ווער קאָמוניסטן? וואו קאָמוניסטן?

נאָר ווארט אויס, סטאָהדאָט איז דאָך טאַקע געדעכט. באַנאַכט, ווען מ׳האָט געבראָכן די פענצטער, האט מען לעוולען, דעם אלטן און אויוועד-באָטלדיקן שוסטער פון דאָלינע, אַריינגעשריגן:

— קאָמוניסט!

— דו ביסט א איד און א קאָמוניסט, האָב ניט קיין דאַיגע, מיר וועלן דיך קוילען! אויב ניט היינט, איז מאָרגן!

פע! דאָס זיינען שוין גאָר פּאַהאַנע רייד!

און מאַרקאָ אונדזער שאָכן איז דאָ און ער באַפוילט:

— אידן, גיט געלט. אונדזערע ברידער דאַרפן איצט האָבן געלט, און א סאָף זאָל דאָס נעמען!

אויב אזוי, האבן זיך אידן געקליבן אין קלויז אין הויף און האבן גענומען טראָגן געלט.

און שפּעטער האט מאַרקאָ מודיע געווען די אידן:

— העיויס, ווי דער נאַראָד איז צעבונטעוועט, טאָ זאָל דער אוילעם זיך האַלטן אין איין אָרט. אינמיטן שטאָט וועט אַרומגיין א שמירע מיט געווער! פאר די אָבער, וואָס וועלן זיך האַלטן באַ די זייטן און אין עק שטאָט, איז ער קיין אָרעוו ניט — דאס פאָלק איז צעבונטעוועט.

דו ביסט א מייוון אף מאַרקען? א גאַנצער עלטסטער! ער ציילט דאָס געלט, ער קאָמאַנדעוועט.

— וואס זאָגסטו, מאַרקאָ, עפשער זיך קלייבן צו מאָטלען דעם קאָ-מיסניר אין שטוב?

— צו מאָטלען דעם קאָמיסניר? — זאָגט מאַרקאָ, — צו מאָטלען דעם קאָמיסניר? טאַקע פונקט גוט. קלייבט זיך אלע צו מאָטלען דעם קאָ-מיסניר! —

באַ מאָטלען וואוינט די „בעזדיעטנע” שנור פונויבן אין די געפּאַרבּ-טע הייזער. אונטן וואוינט מאָטל אליין. באַ מאָטלען פונונטן איז א וואָק-זאָל, ניט קיין שטוב. מענטשן גייען צו אים שטענדיק אוף און אָפּ. העין פון אידן, העין פון פויערים — זיינע פורמאַנעס. יענע האלטן פון מאָטלען מיט זיין שטוב:

„ועמען, ועמען, מאָטלען וועלן זיי ניט לאָזן מ׳זאָל האַרגענען”.

און באַ מאָטלען איז די שנור א פּעטע, עפשער די פעטסטע אין שטאָט, אָבער זי איז א פאַרנעם. זי איז א גרויסשטאָטישע און זי וויל א קינד.

קען זיין, אז יויכעוועד, מאָטל ראַטנערס שנור, זאָל זיך היינט באַנאַכט באַגעגענען מיטן פראָסטן פאָלק. אָן אַנדערש מאל טוט זי עמעצן פון פראָסטן פאָלק נאָר א טויווע, און איצט וועט זי מיט אלעמען זיין אף גלייכע רעכט. זיי וועלן זיך אלע איניינעם דארפן באַהאַלטן אָדער וואָס.

ווייסט שוין די שטאָט, אז צו מאָטל ראַטנער גייט מען נעכטיקן.

און די איבעריקע הייזער אין פראָנט מעגן אויך זיין רואיק. און טאָמער וועלן אַנדערע אידן וועלן זיין קלוג, וועלן זיי ווייטער גיין צו גאָים נעכטיקן, ווייל באַ מאָטל ראַטנער איז שוין סייווי פול און פול.

דער טאַטע איז געקומען מיט דער גוטער יעדיע:

— ס׳וועט שוין היינט אפּדערנאַכט זיין שטיל. מע קען שוין אפילע נעכטיקן אין שטוב, ווען מע וויל, נאָר אויב מיר ווילן ניט זיין אזוי פיין, קענען מיר גיין צו מאָטל ראַטנער. יאָ, דער טאַטע האט באַצאָלט ניט נאר פאר זיך, נאר אַפילע נאָך פאַר עמעצן.

גערעכט. פאר אזא בסורע קומט דעם טאַטן אלדאָסגוטס. עפּעס א קלייניקייט! ס'איז דאָך אפילע שווער אזעלעכס צו גלויבן, אז ס'זאָל זיך פאַרמאַכן, אזוי ווי מיט א מאַשין דער שוואַרצער שלונג באַם פּאָג-ראָם און...

— אידעלעך, דערקענט זיך יעדערער זיין שטוב, לאַדעט-צו די פּענצטער, די טירן און שלאָפט זיך רואיק!...

די מאַמע וויל ניט גיין צו מאָטל ראַטנער. די מאַמע האלט ניט פון אַזעלכע גליקן.

— נו, טאָ וואו-זשע וועלן מיר נעכטיקן? — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

אנקעגן אונדזער שטוב און אנקעגן אונזער טיר שטייט פאַר צוואַנ-ציק טריט סראָל-דאָווידס שטאַל. מיט די פּלייצעס צו אונדז שטייט זי. אונטער דער שטאַל ליגן אָנגעוואָרפן דעמבענע קלעצער (אַנדערע שוין אַפילע געטעסעטע). איז אף די-אָ קלעצער קובלען מיר זיך די גאַנצע צייט, זינט ס'ציט זיך שוין דער פּאָגראָם. דעם טאָג פאַרבריינגען מיר אף די קלעצער, און די נאַכט, — וואו גאָט גיט. מיר, די מומע מיט די קינ-דער, פייגל סראָל-דאָווידס מישפּאָכע — אלע קובלען מיר זיך דאָ. דאָ ווארעמען מיר זיך אף דער זון, דאָ נעמען מיר אוף נייס פון שטאָט, פונדאַנען האָבן מיר זיך געקריגט מיט די שקאָצים, פונדאנען האב איך אָפּגעהאַלטן א ניצאָכן איבער די גאָיעס. און אין שטוב אריינגיין גלוסט זיך ניט. דארט איז זייער אומהיימלעך, ס'שמעקט מיט פּוסטקע, און דעם טיש האָט מען אויסגעדרייט די הינטערשטע פּיס.

איינער א שאָכן — מיר ווייסן שוין זיין נאָמען — האט מוירע געהאט, טאָמער איז אינם פאַרשלאָסענעם טיש-קעסטל פאַראַן געלט.

„אינעמעסן טאַקע! טאָמער ליגט דאָרט דער סאַמע גלאַוונער טייס-טער מיט די סאַמע גלאַוונע געלט?" עלע וואָס? דער טיש האלט צו דעם שופלאָד פאַר א שלאָס? איז צו דערצו פאַראַן אן אייצע: מ'דארף דעם טיש אויסדרייען די פּיס, און אונטער א נויט מעג מען אפילע ווערן אין קאַס אויך!

איז ער טאַקע געוואָרן אין קאַס, דער לעוויאָסן, און אויסגעדרייט דעם טיש די הינטערשטע צוויי פּיס.

אַוועק איז ער א געטרייסטער:

קיין געלט איז אינם שופלאָדל ניט געווען. דאָרט איז נאָר געלעגן דעם טאַטנס פּעקל טוטין, דאס פּאַפּיראָס-פּאַפּיר און דעם טאַטנס פּאַספּאָרט.

נו, מיילע, פאַרפאַלן! און דער טיש ליגט אויסגעלייגט אפן מיטן שטוב, ווי א כאַזער, וועלכן מ'גיט איבערן רוקן און ער הויבט אָן שלעפּן

די הינטערשטע פיס. מינאַסטאַם האט ווער פון אייך געזעען אזא סצענע, כאָטש די מאַמע האָט אף אונדז שטענדיק געשריגן, מיר זאלן ניט שלאָגן די כאַזיירים איבערן רוקן. בא א כאזער איז דער רוקן דאָס שלאַפסטע אָרט! אקלאַל. וואוהין גייען מיר נעכטיקן?

— די מאמע מיט די קינדער צו אַוודייען אין שטאַל, און דער טאַטע — צו ראַטנערן?..

ווען וועט שוין מיין טאַטע ווערן קליגער אין אַזעלכע זאַכן און ט'ניט אַוועקגיין ווייט פון דעם געזינד? אין אַזאַ צייט צעטיילן זיך ניט קיין געזינדן! עפשער געלט-זאַכן, ווער ס'האט, באַהאַלט ער אין עטלעכע ערטער: אז מ'וועט אויסגראָבן אין איין אָרט, וועלן בלייבן די איבעריקע.

אָבער געלט-זאַכן זיינען אהער ניט קיין מאָשל. געלט איז עפּעס אַנדער'ש.

זעליק באָרעך-אייזיקס איז געקומען און זיך צוגעזעצט צו אונדז אף די ברוסעס. ער איז שוין אָנגעטון און איז גרייט צום פאָרן. אמאָל מאַכט זיך, אז א באַלעגאָלע נעמט אָן לעם אונדז פאַרשוינען. קומען צו אונדז יונגעלייט פון שטאָט אנגעטונענע און מיט פעקלעך אין די הענט שוין גרייטע צום פאָרן.

זעליק, האָבן מיר געזעען, האט זיך אויך אויסגעקליבן אין וועג. ער קלערט ניט פון זיך אומקערן אהיים — ער האָט דאָרט גאָרניט פאַרגעסן.

— יאָ, זעליק, רעכט. דו ביסט אין אלצדינג גערעכט. נאָר וואס? קיין באַלעגאָלע וועט דאָך אהער איצט ניט צופאָרן. אַי, דיר איז היימי־שער מיט די הארבאַרעס — ביטע! מירן גיין איניינעם ערגעץ נעכטיקן.

און איך בין צופרידן. זעליק איז בוזי'ס א פריינט, וועט טאַקע זיין בוזי'ן אביסעלע פריילעכער צו לעבן בא אונדז אף דער שיניצע. און זי וועט זיך ניט פילן אַזוי עלנט — דאַיאָש!

— וואוהין-זשע גייען מיר נעכטיקן? — — — — — — — —

...יעוואָסי פון ליסטווען, ער האָט באַם טאַטן א פעל אין דער אַרבעט. האָט ער זיך צוגעשטעלט. ער זיצט לעם טאַטן און רעדט. א גאָי, וואס איז ניט לאַנג געקומען פון סאָלדאַטן, א געזונטער, א יונגער, און, דוכט זיך, אז אַפילע א קלוגער. מיט גאָלדענע וואוזליונגעריש-פאַר-דרייטע וואָנסן.

איך מעג עפשער הערן, וואס ער פאַרברייינגט דאָרט מיטן טאַטן...

„ווען וועט ארויסגיין זיין פעל פון דער ארבעט?".

„מינאַסטאם דענסמאלט און דענסמאלט, ס'גייט דאך שוין איבער די פלאַמעטע".

„ס׳גייט שוין איבער ? ער האט ניט געהערט ס׳זאָל איבערגיין״.

דער טאַטע איבערצייגט אים, אַז ס׳איז שוין פעסט, וואס פעסטער קען ניט זיין.

נאָך וואס נאָך איז ער געקומען:

„טאָמער וואָלטן מיר בא אים באַהאַלטן אונדזער שפּאַן ?...״ „דעם פערד און וואָגן...״

„באַנאַכט וועט מען געוויס ראַבעווען פון די שטאַלן...״

אומזיסט האב איך אף אים געמיינט, אז ער איז א קלוגער. ער קלערט, אז מיר וועלן האַלטן דאָס פערד אין שטאַל און וועלן וואַרטן ביז ער וועט באַנאַכט קומען ראַבעווען. און דאס פערד שטייט דאך שוין פון נעכטן אָן, מיגאַסטאַס ווייסט איר בא וועמען אין שטאַל.

— ניין, — זאָגט דער טאַטע, — דאס פערד וועט קיינער ניט נעמען. איך דאַרף אים ניט באַהאַלטן, כאָטשבי אפילע באַ אזאַ כאזיאַין, ווי דו.

— און די בעהיימע ?

— די בעהיימע וועט אויך קיינער ניט נעמען.

זעט איר שוין! ווי קלוג און געקראָכמאַלעט די וואָנסן זאָלן ניט זיין בא יעווראָסיען, איז ער דאָך ווייט פון כאָכמע. ווארום אז ער מיינט אונדז איבערקליגן מיט שטילע און כאַנופעשע ריידעלעך פון א געטרייען און א באַלטויווע, — איז ער דאָך שוין א נאַר!

ער האט נאָך געקאַניוטשעט און געקוועטשט זיך בא א פערטל שאָ און איז אוועק מיט דעם, וואָס ער איז געקומען. כאָטש זייער און זייער ניט צופרידן:

— זע-זשע, פּאַני לייב, מיין פעל זאָל מיר זיין גאַנץ, ווארום...

— צו דיין פעל וועט דערווייל קיינער ניט צושטיין, דו מעגסט זיין זיכער, גיי אהיים און עס וועטשערע.

און ער איז אוועק קימאַט אָן א גוטער נאַכט.

און נעכטיקן גייען מיר ניט צו מאָטל ראַטנער און ניט צו אוודייען. מירן איבערנעכטיקן אין וועלדל אף די ניווקעס. מ׳דאַרף נאָר גיין שטיל און איינציקוויס, אז די שכיינים זאָלן ניט באַמערקן... און אויב ס׳וועט זיין שטיל אין שטעטל, טאָ לאָמיר אָפּקומען מיט דעם, וואס מיר וועלן איבערשלאָפן א נאַכט אף די ניווקעס (די ניווקעס זיינען אָפּגעצוימטע און בישכייניש מיט אונדז, א טויזנט טריט פון אונדזער שטוב). — —

אין א שאָ אַרום איז אונדזער גאַנצע מישפּאָכע געווען אף די ניווקעס. אין איין קליין קופקעלע זיינען מיר זיך געזעסן צווישן די ביימלעך. דער מומעס געזינד איז מיט אונדז נאָך געווען, און באַ דער מומעס טאָכטער, בראָכען, זיינען פּיצלעך קינדער. די מומע איז אין קאַס.

זי זאָגט, אז די פּיצלעך טינייפּעסן קענען אונדז איטלעכן אומגליק־לעך מאַכן.

— פאַרשטופּ זיי דאָרט דאָס מויל מיט טינעף און זאָלן זיי שטומען !..

ווי קומט עס צו דער מומע זי זאָל זיין אַזוי אין קאַס, און נאָך אף אירע אייגענע אייניקלעך ?

— — — — — — — — — — — — — —

און דאָס וועלדל אף די ניוּוקעס האט זיך פּלוצים־דרינען געסט, פאַרדעכטיק־שטילע און אומגעריכטע.

ווייסטו וואס, וועלדל, דו טשעפּע אונדז ניט און מיר וועלן דיך ניט טשעפּען. לאָז אונדז, מיר וועלן שטיל איבערזיצן די נאַכט.

...און אויב די נאַכט וועט אונדז איבערגיין ווי א רואיקער גענעץ, וועט דאָך זיין אַזוי גוט, אַזוי גוט... באַ מאָטל ראַטנער אין שטוב זאָל איבערגיין די נאַכט שטיל און ווי א רואיקער גענעץ.

פוגאַטשאָוו האט זיך צו זון־פאַרגאַנג געבראַכט צו שלעפן צו אונז אין וועלדל (לעדערמאַן איז זיין פאַמיליע) מיט זיין ווייב, וואָס איז שענער פון אים, און מיט די קינדערלעך. די עלטערע אינגלעך פון 7 און 9 יאָר זיינען געקומען אָנגעגורט אין די פאַלטעלעך, דרייסט און ווי אַן עלטע־רער וואָלט אמאָל בעטן באַם קלענערן הילף :

„אַנו, העלף מיר פאַרגעבן אָט א יענץ אף דער פּלייצע !”

און דאָס קליינוואַרג איז שטענדיק גרייט.

„לאָזט, „איך” וועל !” „אַנו, לאָזט, אָט וועל „איך” !”

נו, טאַקע גוט, וואָס איר זייט געקומען, נאָר שטילער. אַלץ — אבי שטילער.

און דער אָוונט האט זיך גענומען רוקן אף אונדז, אַן אָוונט אַ טאַ־מעוזדיקער, א ליבער, און פייגעלעך, וואס גרייטן זיך צום שלאָפן, מוזן זיי דאָך פריער אָפּזינגען זייערס. —

— טאָ פאַרוואָס דען ניט ? זינגט זיך, פייגעלעך, געזונטערהייט. זינגט אף הײנטיקס מאָל לאַנג, לאַנג, און באַוועבט אונדז מיט אייער געזאַנג, ווי מיט די דינע הערעלעך פון ווייטע סטרונעס. באַוועבט אונדז און באַשיצט אונדז א י ר, אף אונדזער פרישן, ניט געוויינטן געלעגער !

געוויס וועט היינטיקע נאַכט דורכגיין גוט. נאָר מיר איז ניט שיין פאר דער מאַמע מיט בוזי׳ן מיט הערשעלען, און פאַר די שוועסטער איז מיר ניט שיין. כ׳האָב זיי געדאַרפט באַזאָרגן מיט בעסערע געלעגערס און מיט א מער זיכערער דירע. נו, יאָ, אף מיר איז דאָס אלצדינג כאַל...

די קלענערע קינדער שלאָפן שוין, און דער עלטערער אוילעם שוש־קעט זיך נאָך. זיי פאַרזיכערן, אז געוויס וועט דורכגיין די נאַכט

בעשאָלעם. באַזונדערס זיינען אינדערינען איבערצייגט דער טאַטע מיט פּוגאַטשאָוון. זיי זיינען סאָכרישער. זיי ווייסן וויפל מ׳האָט באַצאָלט, ווען מע האָט באַצאָלט און פאַר וואָס מע האָט באַצאָלט:

— ס׳איז געוויס א נאַרישקייט, וואס מ׳איז ניט געגאַנגען צו מאָטל ראַטנערס נעכטיקן — ניט זיך וואַלגערן דאָ!

---

צוגיין אין שטאָט זען וואָס דאָרט הערט זיך לאָזט מען מיך ניט. ווען איך האָב א שפּאַקטיוו ארום זיך, וואָלט איך געקוקט כאָטש פונדאַנען וואָס דאָרט טוט זיך. איך וואָלט זייער ווילן זען, וואָס ס׳טוט זיך איצט באַ מאָטל ראַטנער אין שטוב.

באַ מאָטל ראַטנער איז א הילצערנע צווייגאָרנדיקע שטוב, האָבן זיך אַהין אופגעקליבן אידן און ווייבער און קינדער. אידן אלערליי, כוץ עפשער דאָבען פריינק און מאָרדכע-לייזערס ווייב... וואלט איך זען, ווי פירן זיי זיך דאָרטן, די אידן, אין אַזאַ איינגעשאַפּט — אלע אָנגעשלאָגן אין איין שטוב און מע איז אוף, אזוי ווי אין נאַכט פון קאַפּאָרעס... און ווי פירט זיך דאָרט מאָטל ראַטנערס שנור די גרויס-שטאָטישע. צי זאָגט זי דאָרט ניט עמעצן „פּאַרדאָן”, „איזוויניטע”,— האַ? און איך וואָלט געזעען וויפל מאַן זיינען דאָ צום ערשטן מאָל אף זייער לעבן באַ מאָטלען אין שטוב. און דעריקער פונויבן אין די געפּאַרבטע הייזער!.. זיי זאָלן זיך כאָטש דאָרט ניט פילן אומהיימלעך... א גרויס נאַרישקייט האָבן נאָך, ווייזט אויס, אויך אָפּגעטון די אורוטשעווער מישפּאָכעס — די, וואָס וואוינען אין צוויי שטעט:

„וואָס דען? ס׳זיינען פאַר זיי קאַרג געווען די אורוטשעווער פּאָגראָמען?”

און איך וואָלט געזעען, ווי אַזוי גיבן דאָרט די ווייבער זייערע קינדער זויגן. ס׳איז דאָך א פולע שטוב, אָנאַנהאָרע, מיט מאַנסבלען. און אַסאַך יונגע מאַמעס דאַרפן געבן זייערע קינדער זויגן. און באַ מאָטל ראַטנער קער שוין זיין אַזאַ היץ, אַז די לאָמפּן אונטער דער סטעליע לעשן זיך. אַ קלייניקייט — אָנאַנהאָרע, אזאַ איינגעשאַפּט!.. און פון וואָס פאַרברייינגט מען דאָרט צווישן זיך באַ מאָטל ראַטנערס אין שטוב... דאָרטן זיינען דאָך פאַראַן אַסאַך כאַדאָרים, עפשער איז אין יעדער כיידער א באַזונדער פאַרזאַמלונג? צי די באַלמעלאָכעס האָבן זיך אופגעקופּעט אין קיך און זיי שעמען זיך נאָך אלץ פאַר די באַלעבאַטישע יונגעלייט?

ווייטער, ווען איך האָב אַ שפּאַקטיוו, וואָלט איך אַ קוק געטון, וואָס הערט זיך באַ די קלענערע מיניאָנים און וואס טוט לייקע די פישטשאַלקע אין באָקעיעווטשינע (א ווערסט פון סלאָוועשנע).

א גוטער פריינט אירער האט זי אויסגעבאַהאַלטן באַ זיך אין סטעפּקע. זי איז אן אַלמאָנע און אן איישעס-כאַיל איז זי, מיט אסאַך שוואַרצינקע קינדערלעך. אויך רעדט זי זייער אף א פּישטשענדיקן קאָל, דערפאַר רופט מען זי טאַקע לייקע די פּישטשאַלקע...

ליגט זי איצט מיט אירע קינדער בא מיכאַלן אין סטעפּקע און די איבעריקע גאָים ווילן ניט ליידן:

— גיב אונדז אָפּ די אידן, — זאָגן זיי, — מיר הערן דאָ א אידישן רייעך!.. גיב אונדז אָפּ די אידן. דו וועסט בעסער מאַכן!..

מיכאַל איז אָבער דער פּישטשאַלקעס א גוטערפריינט. א קליינע איז זי, ווי א הון, און איז שטענדיק א פאַרנומענע. זי איז אן איישעס-כאַיל, וויל זי מיכאַל ניט אַרויסגעבן.

— טשעפּעט זיך אָפּ, — זאָגט ער, — שכיינים. איך זאָל אַפילע האָבן, — זאָגט ער, — אידן, וואָלט איך זיי אייך אויך ניט געגעבן.

— ניין, — זאָגן זיי, — גיב אָפּ, דו וועסט בעסער מאַכן.

— וויל איך ניט! — ענטפערט מיכאַל, — איר דאַרפט טויטע אידן, און איך פאַר זיך וויל אָפּשטעלן איינעם א לעבעדיקן! מיין כיילעק וויל איך זיך אָפּשטעלן א לעבעדיקן. אַהאַ! און איר מיט אייערע טויט אייך וואס איר ווילט!... און גייט אייך געזונטערהייט. גייט קיין סלאָוועשנע — אין סלאָוועשנע זיינען נאָך פאַראַן אַסאַך אידן!..

און לייקע די פּישטשאַלקע — זי זאָל זיך גאָר אָנהייבן שרעקן! זי פּישטשעט נאָר אינדערשטיל און שעלט זיי, די כאַזיירים:

— אַ טויט אף זיי! ביסט אַ מיוון אַביסל וואס כאַזיירים קענען? האַדעס! ניטאָ קיין טויט אף זיי! א גוטע קריינק וועל איך שוין מיט זיי מאַכן מיסכער! זיי וועלן זיך שוין באַ מיר בעטן! א כאָלערע אף זיי, אַ טויט אף זיי!..

די קינדער בעטן זי, זי זאָל אופהערן, זיי האָבן זיך מוירע.

— מאַמע, הער אוף, — שלעפּן זיי זי פאַרן אַרבל.

און זי:

— גייט אין דער ערד אַריין גייט! מיט זיי איניינעם! איר לאָזט מיר ניט אָפּ מיין קאָפּ?

מיכאַל האָט אָנגעקלאַפּט אין טירל:

זיי ספּאָקאָינע, לייאָ, איך האב זיי דורכגעטריבן... דו זיצסט איבער צוויי טירן זיצסטו, און איבער צוויי שלעסער! איך וועל דיך וואַרטעוועז, זיי רואיק.

— וואָרום א בראָכע אף דיין קאָפּ, מיכאַל! א גוטע קריינק וועל איך זיי אַריינלאָזן אין שטוב אריין! זיי וועלן שוין צו מיר אין שטוב אריין ניט דערלעבן קומען.

און מיכאַל בעט זי אויך:

— טילקאָ, לייאָ, ציט! זיי האָבן מיר געזאָגט, אז זיי וועלן מיך אונטערצינדן, אויב וואָס... נישקאָשע. מ'זאָל אַפילע אויסהאַרגענען אלע אידן, וועל איך דיך אויך ניט אָפּגעבן! מיין כיילעק, האָב איך פּראַוועוו מיט אים טון וואס איך וויל!.. — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב א שפּאַקטיוו, וואָלט איך אויך געזעען ווי מע מאַכט קידעש באַ דעם נאַטשפּאָטשט... און דאָרט אונטן באַם נאַטשאַל־ניק אין קעלער זיצן אידן. זיי האָבן זיך אהין אריינגעבעטן. איצט הערן זיי, די אידן, ווי מע טרינקט, מע זינגט, מע טאַנצט און מע הוליעט. פּאַר וועמעס קאָפּ טרינקען זיי עס איצט לעכאַים?.. דער נאַטשפּאָטשט, דער נאַטש־מיליציע, די שרייבערלעך און נאָך א פינף יונגעלייט? מאַרקאָ טרינקט מיט די פריצים לעכאַים און ער קושט זיך מיט זיי. ער מאַכט זיי איטלעכן רוסישע, און מע זינגט אינייַנעם שיינע לידער... די אידן אין קעלער זיינען ניט רואיק, זיי זיינען זייער ניט רואיק.

און איך וויל גאָר באַגעגענען דעם פּאַרשיוון קורצן קלימקען, דעם פּעטער זאַלמענס שאָכן, און זיך מיט אים א רייד טון:

„כאָטש דו האָסט נאַכאַס פון דיין זון, כאָטש דו ביסט דער נאָענט־סטער רעכילעסניק אין שטאָב און דו ווייסט דער ערשטער, וואָס דאָרט טוט זיך, אָבער א גוטע קריינק טרינקסטו אינייַנעם מיט זיי בראָנפן, אָטאָ באַם נאַטשפּאָטשט! דו שטייסט נאָר, ווי אַ סאָווע און גלאָצסט מיט דיינע כיטרע אייגעלעך אף דער אַנטאָנאָוויטשער גאַס אינדערפינצטער, און אין דיין כיטרען ליגנערישן קאָפּ שאַפן זיך שוין נייסן.

„שוין אָבער ניטאָ וועמען צו דערציילן! דער אלטער זאַלמען זיצט שוין ניט אין זיין שטוב. און פון די פענצטער באַם אלטן אין שטוב קוקן נאָר פינצטערע פּאַרדזשעגעצטיקע לעכער.

„קוק, סאָווע, קוק, און ווייסטו וואָס, קלימקאָ, דיר לייגט זיך גאָרניט אין דיין כיטרען מויעך, אז איך וועל זען דיין טויט? דיינעם און דיין זונס? כאָטש דו שטייסט איצט איינער אליין אינמיטן האַלבער נאַכט אף דער פינצטערער אַנטאָנאָוויטשער גאַס, מיט עלנט און מיט האָפענונג אין טרייפענעם האַרצן און דו וואַרטסט אף עפּעס.

„קלימקאָ, א רועך אין דיין טרייפער צורע אַריין — דו וואַרטסט אף עפּעס"!!... — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען איך קוק דורך דעם שפּאַקטיוו, וואָלט איך דאָך נאָך אַסאַך זאַכן געזעען. איך וואָלט געזעען, וואו ס'נעכטיקן איצט די מאַמע, די

קינדער מיט נאָך עטלעכע דערפֿער אידן, וואָס האָבן זיך געלאָזט וואָגלען אַלץ, אַהין-און-ווייטער פֿון שטאָט. נאָר זיי זיינען גיכער פֿון אַלץ אויסער יעדער געפֿאַר. כאָטש דאָווידן פֿריינק האָט מען אין יענע דערפֿער געקוילעט. דאָווידן פֿריינק מיט זיין מאַמע און מיט זיין בראַטאָק. אויך אָשער גערשטיינס טאַטע מיט די פֿרעמדע בראָקאַרן זיינען אין יענע דערפֿער אומגעקומען... ניין, די מאַמע מיט די קינדער האָבן שוין געקערט ווייט פֿאַרגיין !.. און באַם גאַלעך אפֿן בוידעם נעכטיקן אויך אידן. אַז ס'וועט קומען צו עפּעס, וועט ער זאָגן:

„פֿאַרקערט, ער האָט נאָך אידן אפֿילו אויסגעבאַהאַלטן!"

און נאָך אין גאָישע שטאַלן נעכטיקן היינט אידן, כאָטש די באַלעבאַטים פֿון די שטאַלן אַליין, ווער ווייסט צי זיי וועלן היינט נעכטיקן אינדערהיים!

וואָס איז די רייד? אף מאָטל ראַטנערס שטוב האָט איצט געדאַרפֿט הייגען א ראַדיאָ. ווייל מאָטל ראַטנערס שטוב איז איצט אף וואָגשאָלן, און מאָטל ראַטנערס שטוב איז איצט דער דויפֿעק פֿון אסאך אופֿגעגאַנגענע, צעגערווירטע וועלטן.

און קיין שפּאַקטיוו האָב איך דאווקע ניט לעם זיך, איך זאָל קאָנען עפּעס זען. איך זיץ אינדערפֿינצטער, פֿאַרוקט צווישן ביימלעך, לעם מיר ליגן דאָ מענטשן, לעם מיר איז דאָ אויסגעגאָסן א נאַכט, און גראָז וואַקסט דאָ נאָענט. יאָ, גראָז.

וואָס שאָרכעט עס דאָ לעם מיר? וואָס?

מינאַסטאָם איז עס א זשוקעלע אין גראָז, אָדער עפּשער א יונג פֿייגעלע אין נעסט ריעט זיך דורך אינמיטן שלאָף, און זעצט זיך איבער פֿון איין אָרט אפֿן אַנדערן...

מיינע אַלע שלאָפֿן שוין קימאַט.

„שלאָף אויך, אייזיק. דו וועסט איבערשלאָפֿן, און דאָס אַלדאָס-בייז וועט פֿונדאַנען אוועק. אף פּוסטע פֿעלדער און טרוקענע וועלדער. אף שטיינער און אף העלצער וועט אַלדאָס-בייז אַריבער!" — מיר גלוסט זיך עמעצער זאָל דאָס מיר שעפּטשען אפֿן אויער שטילערהייט. און איך זאָל נאָך זיין גאָר א קליין קינד, אפֿילו קלענער פֿון הערשעלען מיט יאָסעלען, אזוי ווי דאָס קינד, וואָס שלאָפֿט באַ דער מומעס שנור אין פֿאָלע... און דאָ ניט ווייט ליגט לעם מיר בוזי. מיט די הענט טאַפּ איך אָן איר שיכעלע און איך קלער: בוזילע, דיינע הענט און פֿיס זיינען קיל פֿון דער אָוונטיקער פֿרישקייט. (דיין דין קליידעלע איז דיר ניט קיין גענוגע קאָלדרע), אָבער איך הער, אָט הער איך, ווי דיין יונג בלוט לויפֿט אום אָט-אָ, הין און צוריק און בעריעט זיך — עס וויל דיר אָנטראָגן וואַרעמקייט.

גוט, מײַן קינד, וואָס איך הער דײַן בלוט אין לײַב אַרומלויפֿן, ווײַל מיט דאָווידן פֿרײַנק איז שוין זײַער שלעכט אין דעם זין, — און איך וואָלט וועלן בוזילען אופֿוועקן, זיך נאָך מער דערוויסן, אז זי איז דאָ, — זי איז מײַנע...

מיט בוזיס שיכעלע ענדיקט זיך שוין די רעדנע. טאַפּ איך אָן שאָר־סטקע גראָז, און ניט קײן געשמאַקע און טרוקענע, צעריבענע ערד.

גוט, וואָס ס׳שלעפּערט מיך, און גוט, וואס ס׳שטיל אין שטאָט, נאָך אין צוויי שאָ אַרום איז שוין טאָג, און ס׳וועט טאַקע זײַן עמעס וואָס... און יעוואָראָסיע וויל צונעמען דאס פֿערד... און שיקסעלעך — א פֿולע שטאָט מיט קלײנינקע שיקסעלעך... בײַ מאָטל ראַטנערס אין שטוב... —

— — — — — — — — — — — — — —

און ס׳כאָלעמט זיך מיר א ליכטיקער הויף מיט אסאַך שײַנענדיקע מענטשן, עפּעס פֿאַרענדערטע און ניט קײן היגע... און די מענטשן זײַנען דאָך גאָר ניט קײן מענטשן... ס׳איז גרינע פּאַשע מיט טיפֿע, שווערע שאָף און רינדער, קאם וואָס די ערד האַלט זיי — אַזעלכע שווערע... און די רײַכקייט ברייטערט דעם בליק, און די זון שפּאַצירט אַרום א גרינגע, אַ פֿאַרנאַכטיקע, אָנגעטון אין א שלייער פֿון גנאָד. פּלוצים האָבן די רינ־דער גענומען קאָפּען מיט די פֿיס און מיט די הערנער. די אייגענע פּאַס־טעכער איז געוואָרן אַ סאַקאָנע לעם זיי שטיין, און ס׳האט זיך פֿאַרצויגן אַ געדיכטע כמאַרע מיט דונערן און מיט בליצן... איך כאַפּ זיך אוף. קיין רעגן איז ניטאָ, ס׳איז טרוקן. א פֿרעמדער געפֿיל. נאָר הינט וואָיען. אָן א צאָל הינט. א ערעוו־ראַוו פֿון הינט וואָיען אין אלע עקן שטאָט. איך פּרואוו מיר אופֿרייסן די אויגן און ווייס ניט, צי מיר כאָלעמט זיך אַזעלכס, צי איך הער עס אין דער וואַך — — — — — — — —

— רררריסס! — ס׳האָט א הלושע געטון ערגעץ א צעריסענע גראַ־נאַטע, און דער דונער קאַטשעט זיך נאָך אַלץ און רייסט זיך איבער דער ערד. דער ווידערקאָל הערט זיך, עפּשער, אף א האַלבער שאָ...

יאָ. ס׳איז אין שטאָט.

אונדזערע מישפּאָכעס — האַלב האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעוואַכט. זיי ברעכן די הענט, זיי זײַנען בלייך און בלאַס. און די, וואָס זיי שלאָפֿן, האַלעוואַי וואָלטן זיי נאָך געשלאָפֿן.

— רררריס!! — אַ צווייטער דונער!

די ערד רייסט זיך ארום און ארום. די היטל וואַקסט אפֿן קאָפּ. און הינט, פֿונוואַנען האבן זיך אהער גענומען אַזויפֿיל הינט?

מיר ליגן אף א בערגל. די שטאָט איז אונטער אונדז און מיר הערן פֿונדאָרטן קוויטשען און געשרייען.

ס׳איז ניט קיין שיקערע שרייען, דאָס זיינען געשרייען, וואָס פאַרן טויט! און לאָמען קנאַקן, און בלעכן רייסן זיך. עפשער איז א סרייפע, עפשער ברענט די שטאָט? און ווייטער קוילעס און קוויטשערייען. ווער זאָל עס אַזוי קוויטשען — אידישע קינדער? איך האָב דאָך זיי קיינמאָל ניט געהערט אַזוי!...

און עמעצער פויזשעט צו אונדז פון צווישן די ביימלעך...

שרעקט זיך ניט, שרעקט זיך ניט, ס׳שמועל-יאַנקל דער שוסטער מיט זיין געזינד. זיי האָבן דאָ געגעכטיקט לעם אונדז, און מיר האָבן ניט געוואוסט איינער פון דעם אַנדערן.

ווער נאָך קריכט עס פון צווישן די ביימלעך? אַ, ס׳איז מיכל דער בעקער מיט זיין ווייב. זיי האָבן ניט געוואָלט בלייבן באַם גאָי אין שטאַל און זיי האָבן זיך אוועקגעשלעפט אַהער. וואויל, וואויל, נאָר שטילער. ווי ווייט מע קען שטילער! קינדער וואַכן זיך אוף? טאָ זאָלן די מאַמעס וויסן וואָס זיי האָבן צו טון... און ווייטער קוויטשערייען פון שטאָט! דאָס שלעפט מען געוויס מיידלעך פאַר די צעפ, מיידלעך און יונגע מאַמעס מיט די נאַקעטע הענט שלעפט מען זיי פון די וואַרעמע בעטן אַרויס:

„דאָלאָי זשידאָוו אי קאָמוניסטאָוו! אורראַאַ!!“.

און סלאָוועשנע קוויטשעט און פאַרכלינעט זיך מיט בלוט.

וואָס טוט זיך עס דאָרט אין שטאָט? ס׳לויפן שוין ריטשקעלעך בלוט? האַ? ס׳גיסט זיך, ס׳גיסט זיך שוין בלוט! און באַ מאָטל ראַטנערס אין שטוב לויפט עפשער דאָס בלוט פון אויבערשטן שטאָק פון די פענצטער? רויטע ריטשקעס? גוואַלד, וואָס קוויטשעט מען אזוי אין שטאָט? און מיר שטייען א צוגעשטילטער מיניען באַזייט-אויס, מיט ווייב, מיט קינד און מיט געסט.

— יאַנקל, — זאָג איך צו מיין אַמאָליקן באַלעבאָס. — מיר האָבן ניט גאָרניט אין האַנט, לאָמיר צולויפן ברייגגען כאָטש א פאָר העק. ס׳איז ניט ווייט.

— זאָל זיין שטיל, — ענטפערט מיר יאַנקל, — זאָל זיין שטיל, מיר וועלן ניט גיין.

— אָבער טאָמער קומט קאָסענקאָ אַהער? קאָסענקאָ, צי מאַרקאָ? כאָטשבי האָבן אַ פלאָקן אין האַנט!

— זאָל זיין שטיל, — בעט זיך באַ מיר יאַנקל, — מיר וועלן ניט גיין.

און בוזי האָט זיך אונטערגעהויבן צו מיר אף די קני, און מיט שטילע אופגעהויבענע אויגן שעפטשעט זי צו מיר קאם וואס מע הערט:

— אייזיק, דו וועסט אינערגעץ ניט גיין. איך וועל ניט לאָזן.

איך ווייס ניט, פאַרוואָס האָט בוזי פלוצים באַקומען אזא פּאָנעם פון א באָזשע-מאַטי און פאַרוואָס ציטערט אין איר קאָל אַזאַ שטילער געבעט? צי זי איז אין מיר זייער פאַרליבט, צי זי איז שטאַרק דערשראָקן.

— ס'איז ביידע זאַכן, אייזיק, ס'איז ביידע, — ענטפער איך זיך אליין.

פאַרוואָס-זשע האָבן מיר נעכטן ניט מיטגענומען קיין האַק? קיין פּאָר העק? אונטער דער פּאָלע האט מען דאָך געקענט דורכטראָגן (מיר האָבן געגלויבט מאַרקען מיט קאָסענקען? מיר האבן זיך פאַרלאָזן אף זייערע רייד?). און איך קוק אף שמועל-יאַנקלס ווייב, אף סאָרע שמועל-יאַנקלס. אָט דאָ שטייט זי לעם אונדז אין דער איידע, מיט טעכטער, מיט איידעמס און מיט אייניקלעך, זי רעדט צו קיינעם גאָרניט, זי איז נאָר בלאַס. זי וואַרט. זי הערט זיך זייער שטאַרק צו. — — —

ניין, איך וועל זי ניט אָפּגעבן קאָסענקען, דעם ווערימדיקן פּראַנצע-וואַטן קאָסענקען. איך וועל אים דאָ ניט אָפּגעבן קיינעם פון די שלאפּע-רע. איך וועל אים צעקוועטשן אזוי ווי א וואַנץ! נישקאָשע, ער מעג אַפּילע האָבן א נאַהאַן אין האַנט, ער איז א וואַנץ, איך וועל אים צע-קוועטשן!!! צוריק מיט צוויי וואָכן האט ער זיך אויסגערופן פאַר אַ זייגערמאַכער. אַ-האַ! ער האָט געוואָלט באַשווינדלען זיינע אייגענע ברידער? וואָס אַ גאָי קען באַקלערן! ס'וועלן זיך צו אים צונויפגיסן די אידישע זייגערס פון דער גאַנצער שטאָט. צו אים, צו זיין טאַטן אין שטוב. אַזאַ זייגערמאַכער איז ער, הייסט עס.

נו, און די שוטפים? וואָס-זשע וועלן שוין ראַבעווען די שוטפים? קאָסענקאָ דו ביסט צו קלוג!

און שוין צוויי וואָכן, אז ער פאָרט ארום איבער די דערפער וועגן אידישע איניאָנים, און איצט לויפט ער אַרום איבערן שטאָט מיט אַ נאַהאַן אין האַנט אַ פאַרסאַפּעטער. ניין, ער איז צו יונג, ער זאָל דערהייבן ווערן! די גאַלאָכים אליין מיט די נאַטשאַלניקעס, און גאַנצע דערפער זאָלן מיט אים רעדן וועגן אידישע איניאָנים! ער איז צו יונג, ער זאָל אַרומפאָרן אף אַ פערד איבער די דערפער און מיך באַרעדן! איך וויל אים ניט! איך וועל אים צעטרעטן!!! — — — — — — — —

אינדרויסן צי ס'טאָגט ערשט, צי ס'איז שוין טאָג. און פון שטאָט הערט מען ניט שיסן, מ'הערט ניט שרייען, נאָר הינט בילן נאָכאַנאַנד. ווייזט אויס, אסאַך האָט זיך געטון בעאייס מיר זיינען געשלאָפן... בעאייס מיר זיינען געשלאָפן האָט מען פאַרפייניקט אונדזער שטאָט!

סראָל-דאָוויד איז דאָ. ער האָט א גרוס פון שטאָט:

„בא מאָטל ראַטנער אין שטוב איז געווען א גרויסע שכיטע! דער ראָוו זשיפּעט נאָך, נאָר ער איז געשטאָכן גלייך אין האַרצן! די שנור

האט מען געקוילעט. די שנור פון זשיטאָמיר, מאָטל ראַטנערס שנור... אַסאַך, אַסאַך מענטשן האט מען געהאַרגעט באַ מאָטל ראַטנער אין שטוב, מ׳ווייסט נאָך ניט וועמען, דאָרט איז א גרויסער בלוטיקער קנויל״.

— אַהערצו וועט מען ניט קומען? — עפּעס אַ ווייבל פרעגט שטיל און צעמישט.

— זאָל ווערן ליכטיקער, וועלן מיר אַוועקגיין פונדאַנען. אַלע, אַלע וועלן מיר אַוועקגיין פונדאַנען! — עמעצער אייצעט אנטשלאָסן.

מיר האַלטן זיך אָן אָן דעם טאָג, אַזוי ווי אָן אַ קרעפּטיקן באַשיצער: ער וועט אונדז אויסגעבן, אָבער ער וועט אונדז ניט אָפּגעבן.

מיר הערן, ווי אידן לויפן איבער די פעלדער, איבער די ברויטן, און עמעצער יאָגט זיי, עמעצער שרייט.

— פאַרשטוינקענע אידן, טרעט מיר ניט אויס דעם האָבער, איך וועל אייך צעהאַקן אזוי ווי די הינט!

— ס׳איז שמאָילאָ, — זאָגט מיר מיין שוועסטער, — ס׳איז זיין שטים. אויב שמאָילאָ איז שוין אין קאָן, זיינען אלע אין קאָן. יאָ, ס׳איז גוט.

אידן לויפן און האָבן קורצע פיס. שמאָילאָ יאָגט זיי. זיין פּאָנעם-ראַיז פול מיט דער ראַיעלסטער, ריינסטער רעציכע, ער וועט אָבער עפּשער גאָרניט טון — ס׳איז שוין טאָג אינדרויסן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

סראָליק דעם באַראַנס איז דאָ:

— לאָמיר גיין, אידן, — זאָגט ער, — ניסל דער בוק ליגט א געקוי-לעטער לעם יעכיעל דאָרפמאַנס שטוב.

— וואס הייסט א געקוילעטער? —

— דאָס הייסט! מיט א קאָסע! זיינער א שאָכן פון אונטערן טייך.

— הערשקען יאָנטלס אויך געקוילעט, דערזעלבער שייגעץ.

הערשקאָ יאָנטלס? מיין באַלעבאָס?.. הערשקאָ איז נאָרוואָס געקומען פון דער מילכאָמע און קאם אופגעקליבן זיין געזינד. באַ הערשקען זיינען די האָר אַפן קאָפּ אזוי ווי בא א באַראַנטשיק, געקרויזטע און שטאַרק שוואַרצע, אומגערן האבן זיך באַ אים געטראָפן אזעלכע האָר... געוויס האבן זיך באַ אים אויסגעשמירט זיינע שוואַרצע באַראַנטשיקעס אין בלוט...

— ער איז פאַרלאָפן אין דאָלינע, הערשקאָ יאָנטלס, ער האָט ניט געוואוסט וואוהין צולויפן און האָט דערזען א לייטער לעבן דער אַלמאָ-נעס שטוב און געגומען קריכן, האט יענער אים אַראָפּגעשלעפּט און אים איבערגעקוילעט מיט א קאָסע דעם האַלדז! ניסלען דעם בוק אויך.

א הויכער, א שוואַרצער איד, אָט דער ניסל, אין די מיטעלע יאָרן, א פעלצנמאַכער.

— דאָווידן דעם באַקאַליאר געקוילעט, מיכאָעלן געשטאָכן, נאַפּטאָלע-יאָשקעס מיידל געהאַרגעט, זישע גורעצקעס ווייב, די אלטע קונדיכאַ און...

— נאַפּטאָלע-יאָשקעס מיידל פון אונטערן טייך? די שניידערקע?

— יאָ. שוין א קאַלע-מויד. זי ליגט ניט ווייט פון קלויסטער.

(אזוי גיך האָט זיך עס אופגעטון, און איך האָב ניט וועמען אפילע א פרעג טון: איז ווען זשע וועט מען קוילען שיקסעס? אזוי זיך, פּראָסטע און גרויסע שיקסעס? אָט אַזעלכע פּראָסטע, ווי נאַפּטאָלע-יאָשקעס מיידל פון אונטערן טייך, די שניידערקע און, ביכלאַל, וועלכע ס'וועלן נאָר קומען אונטער דער האַנט — ווען וועט מען זיי קוילן?)

— — — — — — — — — — — — — — — —

ראָכל דעם באַראַנס האָט לויפנדיק איינגעלאָזן א קינד פון צוויי יאָר. באַם קינד האָט זיך אויסגעגאָסן דער מאַרך אף א שטיין, וואס ניט ווייט פון איר שטוב. ראָכל איז אַנטלאָפן געוואָרן מיט די איבעריקע קינדער. אָט הערט מען ווי זי רופט:

— שלוימע מיין פריינט! — רופט זי, — וואו ביסטו? שלוימע מיין פריינט! מיין כאַוועך אין לעבן! וואו ביסטו? —

א שטילע ווייבל אָט די ראָכל, און איצט איז זי פּאַראַירט, זי רופט הויך אף א קאָל. זי איז שוין ארויס פון שטאָט און זי רופט צו די פעלדער.

טאָמער וועט זיך פון ערגעץ אָפּרופן אָט דער, וואס ס'איז איר מאַן. מיט איין זאַך איז זי נאָר איצטער פאַרנומען און זי רופט.

אלע הערן מיר עס אין אונזער באַהעלטעניש צווישן די ביימלעך, מיר דערקענען איר קאָל און ווייסן ניט, זאָלן מיר זיך צו איר אָפּרופן צי ניין?

— קומט, אידן! — — — — — — — — — — —

און די מאַמע זאָגט און:

— קומט, קינדער, לאָמיר אַוועקגיין פונדאַנען.

און מיר פאָלגן זי. מיר גייען.

קוקט, מיר זיינען ארויס אף דער ליכטיקער שיין!

קאָסענקאָ, אָט זיינען מיר!

מיר קאַטשען זיך איבערן ווייטסטן פּלויט און מיר גייען. אסאַך אידן זיינען שוין דאָ ארום אונדז און מיר גייען.

און אידן — קוק זיי אָן. צווישן לעבעדיקע און טויטע איז דער כילעק נאָר אף איין האָר.

אָט קום און זאָג, אז זיסקלען האָט מען שוין געהאַרגעט. אָט דעם זיסקלען, וואָס שטייט אָטאָ און רעדט מיט דיר — אים האָט מען שוין געהאַרגעט. — וועל איך גלויבן. ווארום איין פינטעלע טיילט דאָ אָפּ אונ-דזערע לעבעדיקע פון די אונדזעריקע, וואָס קענען שוין מער ניט לעבן.

...די פאַרפייניקטע גלויב איך ניט, אז דאָס זיינען זיי שוין טויט, און די ריידנדיקע גלויב איך ניט, אז דאָס לעבן זיי שוין!

און אף וועמען ליגט דאָ דער צייכן פון דער קאָסע? — קוק און דער-קען. וייל איצט קען איין שאָ פון באַנאַכט אדער איין גרעבס פון באַטאָג אופטון אַזעלכס, וואָס הונדערט קיילעכדיקע יאָר וועלן דאָס ניט פאַר׳מעקן, ניט פאַרשוויינקען. אָט קוקט אף אונדזערע לעבעדיקע מיט די טויטע. —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער אז אונדזער מאַמע האט קיין קויעך ניט, זי איז אויסגעמאַ-טערט. אלע פינף טריט זעצט זי זיך אָפּרוען. זאָגט זי:

— גייט, קינדערלעך, מיט אלע אידן, איך וועל דאָ בלייבן. ווי גאָט וועט פירן אַזוי וועט זיין.

זייער רואיק זאָגט זי עס דאפקע, די מאַמע. גאָר מיר גייען ניט איין. מיר וועלן ניט אַוועקגיין אָן דער מאַמע.

— איר ווייסט וואס? — זאָג איך, — איך לויף אראָפּ אף א רעגע צום גאָי, איך וועל איינשפאַנען דעם פערד, און די מאַמע וועט פאָרן! —

איך האָב א קוק געטון איטלעכן אין די אויגן. קיינער האט ניט גע-וואַגט מיר זאָגן „יאָ״. מ׳האָט געשוויגן. און איך בין טאקע אַוועקגעלאָפּ אַראָפּ צו אוודעיען נאָכן פערד.

און עמעצער אַ געטרייער, הער איך, שושקעט מיר אין אויער:

„דאָס, וואס דו לויפסט, אייזיק, איז גוט. אָבער גיך! מאַך דאָט גיך, וואס גיכער קען ניט זיין! יעדער רעגע האָט וואָס צוזאָגן. איין רעגע אין דער זייט, זיינען פאַרצוימט אלע וועגן אי אהין, אי צוריק!... גיכער אייזיק, גיכער. דאַפקע גוט, וואס דו ביסט ניט דערשראָקן, וואס דו ביסט באַ זיך ניט געפאַלן, וואס דו ביסט שטייף. זיין באַ זיך געפאַלן איז שוין דאַפקע דאָ פאַרוואָס, אבער לייג עס טאַקע אָפּ אף שפעטער. אף איינע צען מינוט... אף איין האַלבער שאָ... גיכער!..״

און איך פיל, אז איך טאָפּטשע שוין אף דער ערד, וואָס פון יענער זייט גרענעץ. בעגנייוועט בין איך ארוף אף אַ פרעמדער ערד, און יעדער רעגע קען מיך אויסגעבן, יעדער רעגע קען מיך כאַפּן. איך טאָר זיך ניט פאַרגלויבן די איצטיקע רעגעס פון גאַנצפרי.

אָט דערקען איך רעכטס — מיין טאַטנס שטוב. אַנקעגן — סראָל-דאָווידס. יאָ, איך דערקען. איך בין דאָך שוין דאָ אַזוי לאַנג ניט געווען, אף דער-אָ ערד, וואו איך בין אויסגעוואַקסן?! און איך דערקען, כאָטש איך האָב קיין צייט ניט זיך צו פאַרהאַלטן.

איך בין דאָך שוין אריין אהער בעגנייווע און אָן אַן ערלויבעניש. איך פאַרקערעווע לינקס אין א געסעלע צו אָוודעיען נאָך אונזער געשפאַן.

אוודעיעכע, א הויכע, א קרעפטיקע גאָיע, זי דערקענט מיך שוואך, נאָר איך גיי גלייך צום שטאַל און שפּאַן „מיין" פערד.

— וואוהין קלייבט איר זיך עס פּאָרן אין אזא צייט? — און איך קען אירע צוויי געזונטע טעכטער, וואס קיינער קלייבט זיך זיי איצטערט ניט קוילען. און מיך פאַרדריסט עס שטאַרק.

— דו וועסט שפּעטער געוואוירע ווערן, וואוהין מיר קלייבן זיך פּאָרן. — זאָג איך, — טראָג ארויס א ברויט! — און איך בינד די רימענס אף מיין פערד.

— אוועלכן ברויט? איך קלייב זיך דאָך ערשט באַקן!

— אלטע! טראָג ארויס א ברויט, און ניט געזאַמט!

זי פאַרקערעוועט, ניט ווילנדיק, צו איר הויז-טיר — איך האב איר עפּעס באַפוילן.

פלוצים — בראַך-באַך!!! בראַך-באַ-ראַ-באַך!!! — ניסלעך קנאַקן. מע שיסט! אין שטאָט שיסט מען!

איך האב דאס לעצטע פּאַסעקל אפן שפּאַן שוין פאַרשפּילעט, פונקט דאָס לעצטע, און אין שטאָט האט מען שוין גענומען שיסן. אין שטאָט איז שוין צוריק הייס. צוריק אף אלע הונדערט גראַד.

א שכיינע פון צווייטן הויף האט מיר אַרויסגעטראָגן א לעבל ברויט. זי האט, ווייזט אויס, געהערט ווי איך האב זיך געדונגען מיט דער מאַרשאַס.

— שכיינע, עפן דעם טויער!

די איז אסאַך פילבאַרער צו מיינע באַפוילן. זי שלעפּט דעם ברייטן, סאָסנאָוון טויער און די טויער-שוועל. און מיט א פאַרעוון דערשרעק לייגט זי צונויף די הענט אפן האַרצן און רופט אויס:

— אָ, גאָט ליבער, מ'שיסט דאָך שוין ווייטער?

— יאָ, — זאָג איך, — מ'שיסט דאָך שוין ווייטער. וויאָ!

— וואַרט נאָר, כלאָפּטשע, וואַרט אויס א רעגע, נאַ דיר א פּלעצל! —

אוודעיעכע האָט זיך צעבראָכן דאָס הארץ און זיך אויסגעקליבן אין א יאָר ארום א טשואווע.

— האָב איך דיך טאַקע אין דער ערד, אוודעיעכע, אַוואו דו גייסט און וואו דו שטייסט! — וויאָ!

אונטער מיינע פלייצעס אין שטעטל קנאַקט מען ניסלעך, מ'שיסט אזוי ווי קינדער שפּילן, ווי פליי שפּרינגען.

— וויאָ!

מיין פערד צעקאַטשעט זיך ערשט, איך האָב אים אופגעוועקט אינ-מיטן דרימל, און א פערד בלייבט, ווייזט אויס, א פערד. אים איז קיין כילעק ניט, וואו מ'שיט אים דעם האָבער.

מ׳שיסט אין שטאָט אזוי ווי ניט צונויפגערעטערהייט. מיין פערד שטעלט אָן די אויערן. ווייזט אויס, אים געפעלט ניט וואס מ׳שפילט זיך דאָרט מיט שרויט ווייט אונטער אונדזערע פלייצעס. ער צעבלאָזט די נאָזלעכער און הייבט אויף דעם קאָפּ.

— וויאָ! ניטאָ זיך וואָס צו צוהערן! און ס׳איז נאָר שלעכט, וואָס ס׳איז אביסל אונטערן באַרג, טאָ נאַ דיר עפּשער א שמיצל און וויאָ! מאַך עס טאַקע א קאַפּ גיכער — וויאָ!

אַ גאָי א שאָכן וועט מיך באַגעגענען און וועט מיך פרעגן וואוהין איך פאָר... מיינע שכיינים — אין איין שאָ זיינען זיי היינט צען מאָל גוט און צען מאָל שלעכט. און ווען זיי זיינען שלעכט, זיינען באַ זיי פאַרשטאָכן די אויגן און זיי האָבן ניט קיין אויסזען פון קיין מענטשן!.. און ניסל דער קאָזשושניק ליגט א שוואַרצער, אָן אויסגעצויגענער, א געקוילעטער לעבן יעכיעל דאָרפמאַנס שטוב — וויאָ!.. און עפּשער דאַרף מען ניט אַוועקגיין פון שטאָט און בלייבן אף ניסל דעם בוקס לעוואַיע? און הערשקאָ יאָנטלס, און נאַפטאָלע-יאָשקעס מיידל, און נאָך אסאך, אסאך אידן, יונגעלייט, אידענעס און קינדער, וועלכע קאָסענקאָ האָט ניט געוואָלט זיי זאָלן לעבן?

ווי אזוי איז עס געווען הערשקען יאָנטלס אונטער דער קאָסע, אונדזער ראָוו אונטערן שפּיז? — איך ווייס ניט. זינט איך לעב איז נאָך מיר קיינמאָל ניט געלעגן דער כאַלעף אפן האַלדז, א מענטש זאָל מיך וועלן קוילען, און איך זאָל זען דעם טויט פאר די אויגן. איך וואָלט דאָס דאַווקע אַמאָל וועלן אויספּרואוון. — וויאָ! דו שלעפּסט זיך אזוי ווי אף מאָרגן! און די אַלטע קונדיכאַ — אירע קינדער זיינען דאָך אלע אין אַמעריקע. ליגט זי זיך אייניקע אליין אין איר שטיבעלע אַ געקוילעטע. און איך קום איר א כויוו, דער אלטער קונדיכאַ, איך קום איר א כויוו...

— — — — — — — — — — — — — —

— אייזיק, אייזיק, גיכער!

דו זעסט? א שעפּעלע א געשוירענס און א טראָגעדיקס בלאָנדזשעט איינע אליין אף א ליידיקער שיניצע און וויינט.

— וואס איז, בוזילע? קום, מיין קינד, גיך אפן וואָגן, גיכער קום!

און בוזי גיט מיר איבער אין טרערן:

— מיר זאָלן כאָטש ארויספאָרן פונדאַנען... מ׳האט נאָר אָנגעהויבן שיסן, זאָג איך צו זיי: וואָס האָט איר אַוועקגעשיקט אייזיקן אין שטאָט אריין, וואָס האט איר אים אוועקגעשיקט... איר הערט דאָך, אז מען שיסט! ווער גייט אַנקעגן אייזיקן, ווער גייט? און זיי שווייגן אַלע.

מיין קינד... איך בין טאַקע באַרויגעז אף מיין טאַטן, וואס ער האט געלאָזן אזא קינד, אַזאַ פּיצינקע שעפּעלע, איינע אליין בלאָנדזשען אי-

בער אן אויסגעליידיקטער, צעשאָסענער שיניצע זי זאָל זוכן איר איזיקן. זי איז דאָך נאָך א קינד, און דאָרטן שיסט מען אָן אן אָנהייב. אָן א מיטן און אָן א סאָף. אזוי ווי דעם ערשטן טאָג פייסעך די גלעקער אין קלוי־סטער. אינדערפרי, באַטאָג און פאַרנאַכט אף אַלערליי גלעקער קלינגען דאָרט קינדער אָן אן אָנהייב, אָן א מיטן און אָן א סאָף.

בוזי וויל ניט ליידן, וואָס איך „שטיי" אפן וואָגן. לאָמיך זיך זעצן, לאָמיר זיך פאַרבאָרגן פון דעם, וואָס דאָרטן אין שטאָט געפינען זיך גיל־גולים און שיסן.

— טאָ וואו-זשע איז די מאַמע?

— אוי-ווי, מיר זיינען דורכגעפאָרן! מע דאַרף זיך פאַרקערעווען אף צוריק און פאָרן אין א זייט צום פעלד מיטן קלעווער. דאָרטן זיצט זי, די מאַמע.

זיך אויסקערעווען און אַריינפאָרן מיט די רעדער אין קאָרן — פאַר דעם איז א איד געוויס ווערט מ'זאָל אים קוילען. ווען עמעצער כאַפּט מיך בא אַזאַ אַרבעט, גיב איך אים אליין אָפּ דעם געריכט:

— איצט, מיין שאָכן, ביסטו טאַקע גערעכט. איך האָב פאַרטשעפּעט מיט די רעדער עמעצנס קאָרן. דאָס האב איך זיך אומגעקערט זוכן מיין שוואַכע מאַמע, וואס זיצט און ווארט אף אונדז אונטערן קלעווער...

— טפּרוטש, סטאַי!

— האַ? ווער איז? וואַרט נאָר, איך וועל זיך פאַמעלעכן באַקלערן. ס'איז ניט יעווראָסי? מיט די פאַרדרייטע וואָנצים, וואס האט נעכטן פאַרנאַכט אונדז איינגערעדט דעם פערד בא אים באהאַלטן? בא אים איז דער פּאָנעם אינגאַנצן צעדראַפּעט און צעביילט. איצט שטייט ער מיט פאַרשטאָכענע אויגן און מיט אן איבערגעקרומטן געזיכט. ער האַלט מיר צו דעם פערד בא דער צוים.

איך וויל אים פרעגן: — יעוורא̇סי, ווער האט דיך צעדראַפּעט? יעוו־ראָסי, דו ווייסט ניט ווער וועט זיין באַם ראָוו אף דער לעוואיע? בא דעם ראָוו, בא ניסלען דעם בוק און בא נאַפּטאָלע-יאָשקעס מיידל? ווער וועט זיין בא זיי אף דער לעוואיע — מיר פאָרן דאָך אוועק!

אָבער איך פרעג אים עס ניט, איך פרעג אים נאָר מיט א הארטער שטים:

— יעוורא̇סי, וואָס איז?

— די פעל! בא אייך איז פאַרפאַלן געוואָרן מיין פעל. איך מוז אויסשפאַנען דעם פערד!

און ער איז זייער גערעכט. ס'קען זיין, ער נאַרט זיך נאָך אָפּ. פאר זיינער א פעל וואָלט אים קומען דריי פערד, ניט איינער.

— הער אויס, יעווראָסי. אין שטוב, אַפן בוידעם, ליגן 16 פעל. זאָלסט ניט צונעמען אלע 16, יעווראָסי. נעם צו דריי פאַר דיין איינער, און א גוטן טאָג, לאָז אָפ די צוים.

— ניין, איך מוז אָפּנעמען דעם פערד. ד'ער פערד איז מיינער. איר האָט באַ מיר צוגענומען א פעל.

זעט איר שוין, אז ער איז באַם געדאַנק?

— יעווראָסי! אין שטוב אפן בוידעם ליגן 16 פעל! זאָג מיר נאָר, יעווראָסי, דו ביסט? צי דו מאַכסט זיך? און ווער האָט דיך צעדראַפּעט? און עפשער ביסטו אויך א גאַזלען פון ברייטן שליאַך?

און איך האָב דערזען אַפן שליאַך צוויי שקאָצים, וואָס פירן פערד פון פּאַשע. די שקאָצים זיינען פון דער האָנטשאַרסקע גאַס, איך קען זיי. באנאכט האָבן זיי אויך געטון דאָס, וואס יעווראָסי טוט איצט. נאָר איצט איז טאָג. איצט זיינען זיי פּראָסטע מענטשן, און איך רוף זיי בא די נעמען, איך לאָד זיך באַ זיי און מיט א זיכערן טאָן:

— ...זעט איר שוין, כלאָפּצעס, אז ער דרייט אַ קאָפּ? איך זאָג אים, אז בא אונדז אַפן בוידעם ליגן 16 פעל. גיי שוין און נעם דיר אָפּ דריי פעל פאַר דיין איינער! אָבער געדיינק, יעווראָסי, ניט מער! אויב ניט, וועט עס זיין אף דיין קאָפּ!...

ווען ניסל דער בוק זעט מיך אין דער רעגע, וואָלט ער זאָגן: „אייזיק, ווי קומט עס צו דיר, וואָס דו קליגסט זיך אזוי? מיט א גאָי טאָר מען קיין סאַך ניט ריידן, אייזיק. דו פרעג מיך, וואס א גאָי איז (שוין וויפל יאָר, אז איך ניי זיי פעלצן, איך וואַלגער זיך איבער די דערפער און האב קאם דאָס שטיקל ברויט). איצט האב איך אפילע קיין צענטן וואָרט ניט גערעדט, און קוק, וואס זיי האָבן מיר געטון. א פעלצנמאַכער בין איך און האָב אויך א ווייב מיט קינדער... אייזיק, דו זאָלסט כאָטש זען, אז מ'זאָל מיך באַגראָבן ווי ס'געהער צו זיין, קיין כאַזיירים זאָלן מיך כאָטש ניט אומשלעפּן איבער סלאָוועשנע...“

— איצט זעט איר שוין, אז ער דרייט א קאָפּ? — זאָג איך צו זיי.

— יאָ, ריכטיק! — זאָגן די שקאָצים מיט די פערד. און מער ניט.

יעווראָסי האָט אָפּגעלאָזן די שוין-צעבונדענע סופּאָניע פון כאָמוט און האָט אָפּגעטראָטן אף איין טראָט.

יעווראָסי, נעבעך, ער האָט זיך ניט געריכט אף זיין וויסטן סאָף, ער זאָל אזוי אין איין רעגע אָנווערן אזא גוטן פערד. אזוי ווי פון שטאַל אַרויס!

פון ווען אָן ער האָט געלייגט דעם קאָפּ אף דעם, און איצט ערשט צום סאָף — איינגעלאָזן.

און יעווראָסי ווייסט נאָך נעבעך ניט (ער איז נאָך צעדולט), אז אויב ניט איצט, איז שוין עפשער קיינמאָל ניט.

— וויאָ! — איך האָב אין אים א נעקאָמע. א גוטע קריינק וועט ער טרעפן יוכטן אפן בוידעם. אונדזערע שכיינים זיינען געווים קליגער פון אים — זיי ראַבעווען שוין. א שטיין אין די ציין וועלן זיי אים געבן, זאָל ער נאָר קומען!... „זיי" זיינען בילכער! „זיי" זיינען דאָך שכיינים! און ער איז א פרעמדער הונט. — וויאָ!... און אָט זיינען אונזערע.

— נו, מאַמע, איצט קום אַפן וואָגן. אָט אַזוי. שוין? וויאָ! — די מאַמע און די שוועסטער און הערשעלע — דער טאַטע האָט זיך טאַקע ניט איינגעהאַלטן, ער איז אוועק מיט די אידן.

בוזי דערציילט דער מאַמע און די שוועסטער ניסים פון יעוראָסין, און זיי כאַפּן זיך פאַר די קעפּ.

— וויאָ, קאָסיאַ! איז וואָס אז ס'איז אונטערן באַרג? דו מעגסט דאָך אמאָל אויך זיין וויפל ס'ניט איז קליגער און מאכן אן אויסנאַם — וויאָ! מירן באַלד דעריאָגן די אידן, מיט אידן איז פריילעכער. וויאָ!

---

קיינער ווייסט ניט אַוועלכער טאָג איז היינט?

דוכט זיך, ס'איז ניטאָ אין דער וואָך קיין טאָג מיט אַזאַ קאָליר, מיט אַזאַ נאָמען, ווי היינטיקער!

נאָר אַנדערע זאָגן, אז היינט איז פרייטיק, פּאָשעט פרייטיק.

א געלעכטער אין דער וועלט!

איז וואוהין גייען דאָס אידן אינמיטן פרייטיק אַזעלכע צופרידענע? צונויפגעשלאָגן אין א טשערעדע — אידן, מיידלעך, ווייבער און קינדער?

נאָר עפשער זיינען זיי גאָרניט אַזעלכע צופרידענע? דאס איז איינס. און צווייטנס — וואוהין זיי גייען? זיי גייען. זיי ווייסן נאָך אליין ניט, וואוהין זיי גייען. ס'איז דאָך נאָך א פראַגע, צי מ'וועט ערגעץ וועלן אריינלאָזן אַזעלכע שלימאַזלען, וועלכע מ'האָט דריי טאָג געשלאָגן און ניט דערשלאָגן ביזן סאָף. און ווייטער קען זיין, אז אף דער גאַנצער וועלט, וואו ס'נאָר דאָ א אישעוו און וואו אידן וואוינען — איז קאָסענקאָ, איז דער קובלינעץ? און מען זאָגט, אז אונדזערע שכיינים באַרימען זיך, אז זיי גייען סיוווי אף דער גאַנצער וועלט. אונדזערע שכיינים האבן פאַרמישפּעט אלע אידן אף פאַרלענדעניש. און שכיינים אז זיי זאָגן, מינאַסטאַם ווייסן זיי.

לייזער דעם שוסטערס טאָכטער איז אין דעם ניינטן כוידעש, זאָל זי אַרוף אפן וואָגן. און כאַנע שמיליקס, זי איז אן אלמאָנע, זאָל זי געבן די קינדער אפן וואָגן. און וואו זיינען נאָך קינדער?

— ביטע, קומט אפן וואָגן.

מיינע שוועסטער האָב איך צעטריבן פון פור. זיי זיינען געווען פאַר־מאַטערט. זיי האָבן ניט געדיינקט, אז פּיצלעך קינדער זיינען בילכער, און אז איך האָב אף זיי אָנגעשריגן, האָבן זיי אויך ניט פאַרשטאַנען וואָס. זיי זיינען נאָר אַראָפּ פון וואָגן, און פון מיין געשריי ווערן זיי ניט באָטל. אין סלאָוועשנע, האָבן זיי געהערט, שרייט מען „בעסער".

— ווער ס'האָט קליינע קינדער, ביטע, אפן וואָגן!

עפשער איז ניט שיין שרייען אַזוי אפן שליאַך צווישן פעלדער.

און הערשל, מיין ברודער, אים איז 6 יאָר, און ער האט פאַרשטאַנען, אז ער איז א מאַנספּאַרשוין. און איז אַראָפּ פון וואָגן. די הענט אין די קעשענעס, מיט אן ערנסטן פּאָנעם — אלע גייען דאָך צופוס!

— וויאָ! — איך גיי בא זייט דראַבינעס, און מיין דערשלאָגנקייט האב איך ערגעץ ווייט פאַרשטעקט, האַלעוואַי זאָל זי זיך דאָרט האַלטן ביז מירן דערפאָרן ערגעץ צו א שטאָט.

---

איצט איז פאַר אַלעמען קלאָר, אז ס'איז היינט פרייטיק. אָבער איך פרעג אייך, ווען איר זיינט אף אונדזער אָרט און איר קומט צו אַ פּונקט, דאָרט וואו וועגן צעגייען זיך, און איר זיינט זיכער, אז ניט דורכדאַנען וועט מען אייך אריינלאָזן, ניט דורך דאָרטן וועט מען אייך אריינלאָזן, וואוהין וואָלט איר פאַרקערעווע'עט — רעכטס, צי לינקס?

אידן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אידן האָבן געקלערט. אידן האָבן אַרויסגעוויזן מעווינעס אין שליאַכן און האָבן פּירגעזאָגט, וואס־וואו ס'קען געשעען. לעסאָף האָט מען זיך ערשט ניט געגלייכט. איינע זיינען אוועק רעכטס, אַף יעוורעאָסיס ליסטווענער וועג, און מיר האָבן פאַרקערעווע'עט לינקס, דורכן רואווניק קיין וועלעדניק, און דאָרטן וועלן מיר זען.

דער טאַטע האָט אף מיר איבערגעלאָזן דעם פערד מיטן באַלעבאַ־טישקייט, און ער גייט זיך צווישן די אידן. קאָרן גיסט זיך אָן אף די פעלדער פון ביידע זייטן שליאַך, גערשטן צייטיקט שוין, און רעטשקע אין אַנדערע ערטער גייט ערשט אוף. די זון דעקט אָפּ די פעלדער פונם טוי — טאַקע אן עמעסע, א בלייכע, א פרייטיקדיקע זון. און בינען דרייען זיך ארום, ארום איינציקע קאָרנדיקע זאַנגען... באַם פערד פאַר די פיס פּלאָנטערט זיך אַ שוואַלב. אָט איז זי גאָר נידעריק, און לעם די פיס שוין. און אָט שפאַלט זי דורך ווי א פייל אַביסל לופט און וואַרט ווײַ־טער אף אונדז. איך ווייס ניט, צי דאָס רייצט זי זיך מיט אונדז, צי זי שפּילט זיך גאָר און וויל אונדז טרייסטן... און באַ מיר מעקען קינדער־לעך א פולער וואָגן!...

קינדערלעך, קינדערלעך, אָט וועלן מיר פּונקט מיידן דאָס שלעכטס, און איר וועט זיך אויסוואַקסן גרויסענקע און געזונטע, וועט איר טאַקע ניט געדיינקען, אַז איינמאָל פּרייטיק זיינט איר געשטאַנען געדיכטלעך אין אַ וואָגן, און איינער אַ אייזיק האָט אָנגעטריבן דאָס פערד און איז זיך נאָכגעגאַנגען נאָך אייער וואָגן. אוי, קינדערלעך, האָב איך דענסמאָל ניט געקענט פאַרליידן אייער איינגעשאַפּט! און ווי אַזוי איר מעקעט! אָט פּונקט, ווי די לעמער! און אַז דער וואָגן וויגט זיך, וויגט זיך אויך אייער געוויין, און ס'באַקומט זיך עפּעס אַ מאָדנער, ניט געהערטער געזאַנג.

— — — — — — — — — — — — — —

און אַנדערע קינדערלעך זיינען טאַקע אַזוי וויינענדיק און אַף די פּיסעלעך שטייענדיק אַנשלאָפן געוואָרן. — וויאָ, קאָסיאַ! — — —

— — — — — — — — — — — — — —

אין אָנגעפּאָרן, אַ נאַרעש אידעלע גייט אויך מיט אונדז. ער דערציילט, ווי אַזוי מ'האָט געהאַרגעט יעכיעלן דאָרפמאַן, דעם אַלטן יעכיעלן דאָרפמאַן.

די גרעסטע טייל נאַכט, — דערציילט ער, — האָט ער זיך אויסגעבאַ-האַלטן אין קלויז-גאָרטן צווישן די שטעקנס מיט פּאַסאָליעס, דערנאָך איז ער אַוועק אַהיים און האָט זיך אַנידערגעזעצט באַ זיין טיש אויבנאָן. דערנאָך, אַז ס'איז געוואָרן אין שטאָט פרייליך, זיינען אַריין די גאַזלאָ-נים און האָבן אים געשטאָכן. און אַזוי איז ער געבליבן זיצן אַף זיין אָרט אויבנאָן. ס'קען זיין, אַז ער זיצט נאָך אַלץ. — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

אַ ווייבל דערציילט, אַז אַסאַך פליש האָט מען היינטיקע נאַכט אָנ-געקוילעט באַ אונדז אין שטעטל. באַ מאָטלען אין שטוב איז גאָר געווען די שכיטע גרויס. און זי רעכנט צווישן אַנדערע אויך ניידיטשן, אַ פרעמדן סטודענט, און נאָסענען גראַנאַדיאָר, ביידע צו זעקס און צוואַנציק יאָר. און איך ווייס ניט, צי זיי קענען דאָרטן איינליגן שטיל, אַזעלכע יונגע און שיינע, צי ניין. און אַוועלכע פּאָזע האָבן זיי איצט? פּאָרט יונגע פלייצעס, און הענט און פיס און אַלץ מיט אנאַנדער, ווי אַזוי ליגן זיי דאָרט אין דעם בלוטיקן קנויל?

דערנאָך, — דערציילט זי, דאָס ווייבל, — אַז אויך באַ אַוראָמבערן אין שטוב אַ צוואַנציק מאַן. אַנדערע זיינען געבליבן אונטער די מייסים, זיינען זיי געבליבן לעבן. מ'האָט זיי ניט דערקענט. נאָר ס'איז געווען אַ שלעכטער געלעגער אונטער קרעכצנדיקע, אונטער גויסעסדיקע און אונטער רינוועלעך ווארעם בלוט, וועלכע זוכן זיך אַן אָרט גלייך צום באַהעלטעניש און מונטערן דאָרט: „כאַלעש ניט, ריע זיך ניט, האַלט זיך! עפּשער וועסטו פּונקט בלייבן לעבן“. ניין, אַזאַ לעבן קריכט שוין

פון האַלדז! און באַ כייקלען איז אַ צעהאַקטער קאָפּ. קאָסענקאָ האָט געעפנט אַ פענצטער און געהייסן די אידן זאָלן לויפן און זיך ראַטעווען און ער איז דערוויל געשטאַנען און האָט געשאַטקעוועט יעדער קאָפּ, וואס האָט זיך אַרויסגעשטעקט פון מענצטער.

אָבער אַנדערע זיינען דורכגעלאָפן גליקלעך, כאָטש מיט צעהאַקטע שאַרבנס.

הערשל-געדאַליכעס ווייב האָט מען געהאַרגעט, אָבער הערשל מיטן איידעם זיינען אנטלאָפן מיט צעהאַקטע קעפּ איבער דער גאַנצער גאַס, אַזוי ווי ניט דערקוילעטע הענער.

און קיילע-עסטער די אַלמאָנע מיט אן איבערגעבראָכענער האַנט, און יאָסל איצלס פון האַרבאַרני מיט א דורכגעשאָסענער האַנט.

דאָס ווייבל, וואס דערציילט, איז אַ גליקלעכער מענטש. זי האָט זיי איטלעכן געזעען, זי האָט געזוכט אירס א קינד, כאָטש איצט גייט זי אַרום איינע אליין... קאָסענקאָ, דערציילט זי, לויפט ארום מיט א רעוואָלווער, די מיליציע מיט ביקסן און די איבעריקע — ווער מיט קאָסעס, ווער מיט בערדאַנקעס און ווער מיט פּראָסטע אייזנס. בא איין אַלטן האט פּאַשקאָווסקי אַרויסגעכאַפּט א ראָלקע פון א ביקס און איבערגעבראָכן מיט איר דעמזעלבן אַלטן א האַנט. ... ם אַלטן קער דאָס שטאַרק פאַרדריסן...

און אלטער קרייזמאַן, אַלטער דער רימאַר, האָט זיך אַנידערגעשטעלט מיט א האַק באַ דער טיר פון זיין שטוב:

— וויפל פּאָר פיס — זאָגט ער — ס'וועלן צוגיין אַהער, אזוי פיל קעפּ וועלן זיך דאָ לייגן.

אַלטער איז אַ בראַווער מאַן, נאָר אלטערס ווייב מיט די קינדער ווילן ניט בלייבן קיין אַלמאָנעס מיט יעסוימים, האט זי געוויינט און האט געשריגן, ביז זי האָט געפּוילט באַ אַלטערן ער זאָל זען און טון, וואס אַלע אידן טוען, און מע איז שוין אין סאַמע מיטן ברען קאם פאַרלאָפן צום דיאַקאָן אין שטאַל אַריין זיך באַהאַלטן.

נאָך האָט זי געזעען, די אידענע, אן אורוטשעווער ווייבל א געהאַרגעטע וואַלגערט זיך אין גאַס. זי האָט אָבער קיין צייט ניט געהאַט לעם איר זיך אָפּצושטעלן.

— וויאָ!

און מיינע ווייבער אין וואָגן הערן גאָרניט און זעען גאָרניט, זיי זיינען זייערע פאַרדולט און דערשראָקן. און אויב זיי קלערן יאָ פון עפּעס אין דעם דערשראָקענעם הימל-פּלעט, קלערן זיי פון איינס: צי דאָס איז מען שוין יאָ געראַטעוועט, צי ס'נאָך ניט אַף געוויס.

— וויאָ! —

און די אידן פלאָנטערן זיך איינער באַ דעם אַנדערן פאַר די פיס. זיי זיינען באַרעדעווודיק, אַזוי ווי שאַבּעס גאַנצפרי, ווען זיי גייען אין וואַסער. זיי זיינען, דוכט זיך, אַזוי ווי צופרידן מיט עפּעס. באַזונדערס דאָס פרעמד און אָנגעפּאָרן, נאַרעש אידעלע. איין וואָך האט ער נאָר געדאַרפט אָפּזיין אין סלאָוועשנע. האָט ער זיך טאַקע ארויסגעדרייט מיטן לעבן.

— פעטערל, איך בין מיט גאָרניט לייטישער פון דיר, און איך האָב צו דיר גאָרניט. איך בין נאָר ניט רואיק, וואס ניסל דער בוק ליגט אזוי אָפּגעדעקט און צעוואָרפן אַרום יעכיעל ביניאָמין-לייבס שטוב, וואס יעכיעל זיצט דאָרטן אלץ מיט דער שפּיז אין האַרצן, באַ די פאַרמאַכטע לאָדן אינמיטן טאָג (ווען ס'זיינען אָפּן די לאָדן, וואָלט ער עפּשער עפּעס אַ וואונק געטון צו ניסלען דעם בוק, מיט אַן אָנווייז, צי מיט אן אייצע. ער איז דאך א שטאַרק פאַרשטאַנדיקער איד, אָט דער יעכיעל). איך בין אויך ניט רואיק, צי ס'זיינען שוין פאַרקילט געוואָרן די רינוועלעך בלוט באַ מאָטלען ראַטנערס פונויבן אף די ווענט, פון יענער זייט פענצטער. אף די טרעפּ, אַפּן טיש, אף די בעטן, אפן מעבל און אומעטום.

ווי קלערט איר? מאָטל ראַטנערס שטוב וועט נאָך אבי-ווען זיין אַ שטוב צי מע וועט זי פאַרברענען? איינציקע ברעטערוויס פאַרברענען און דעם אַש באַהאַלטן אינײנעם מיט די האַרוגים?

און איר, גאָים, שכיינים מיינע געטרייע, איר האָט כאָטשבי אַרומגעווישט די קאָסעס מיט די מעסערס, צי איר האָט זיי פאַרטראָגן אינײנעם מיט מיין בלוט צו זיך אהיים? גאָים, שכיינים מיינע געטרייע, זאָלן פון אייך פאַלן שטיקער! פון אייך, פון אייערע ווייבער און קינדער. וואו איר וועט זיך קערן און ווענדן... אזוי!... דערפאַר!... איך קען ניט פאַרנעמען, וואס אייערע שקאָצימלעך גייען ארום איבער די גאַסן און טאַפּן מיט די נעזער פון די שטיוול מיינע מייסים.

— — — — — — — — — — — — — — —

— נאָ! —

מיר זיינען שוין אין אַ דאָרף אונטער וועלעדניק. אידן דערפרעגן זיך עפּעס באַ דאָרפישע גאָים. די גאָים באַדויערן, סמאָטשקען מיט די ליפּן, נאָר זיי וואָלטן שווערן, אז אין וועלעדניק איז היינטיקע נאַכט אויך געווען דאָסזעלבע. א גאָיע זאָגט, זי קען א רוף טון איר מאַן. און איר מאַן וועט דערציילן.

דערציילט ער טאַקע, דער מאַן, אז שיידים זיינען געגאַנגען היינטיקע נאַכט קיין וועלעדניק. נאָר מ'האָט זיי, דוכט זיך, דורכגעטריבן.

— וויאָ, — מע מוז פאָרן ווייטער, ווייל צוריק איז ניטאָ קיין וועג. און פאָרויס איז עפּעס אויך ניט גלאַט. עפּשער האָבן געטון גלייכער די,

וואס האָבן פאַרקערעוועט אף יעווראָסיס דאָרף? און די פויערים באַדויערן אונדז, אפילע די הינט בילן ניט. זיי באַטראַכטן אונדז נאָר מיט אונטערגעהויבענע עקן און מיט נייגעריקייט שטייען זיי באַ זייערע באַלעבאטים אונטער די פלייצעס און באַטראַכטן אונדז.

אַ גוטסקייט פון גאָים, פונדעסטוועגן, וואס זיי לאָזן אונדז דורכפאָרן.

— א גוטן טאָג, לייטן!

— גייט געזונט, א גוטן טאָג.

— וויאָ — און מיר ציען ווייטער אונדזער וועג.

ביז וועלעדניק האָבן מיר נאָך פיר ווערסט.

---

פון די גערטנער שמעקט מיט גרינעם היי, אז דאָס האַרץ קוויקט זיך הערנדיק. וואָלט זיין קעדאַי אַריינשפּרינגען אין א גאָרטן און אָנגאַנוועגען אביסל קלעווער פון דעם פערדס וועגן (כאַפן כאָטש פאַר א גראָשן אן אַוויירע). און אין וועלעדניק גופע שמעקן די גאַסן מיט פרישע קאַשניקעס. זיי פירן זיך נאָך אזוי ווי פראָסטע אידן, די וועלעדניקער! מיר — שוין ניט. אָט זעט איר דאָך. מיר זיינען דאָך שוין אנדערע אידן, ניט קיין פראָסטע.

נאָר וואָס? אַביסל זיינען מיר ניט אָרנטלעך: מיר האָבן דערשראָקן די וועלעדניקער אידן, — די וועלעדניקער אידן, ווי זיי האָבן אונדז נאָר דערזען, האבן זיי ניט געמאַכט קיין סאַך רייד, איינגעוויקלט די קאַשניקעס אין האַנטעכער, די קינדער — אין שאַלעכלעך, געכאַפּט פורן — און זיי לויפן קיין אָוורוטש.

— וואס איז די מאַיסע?

— די מאַיסע איז א פראָסטע. באַנאַכט איז מען דאָ געוועזן, נאָר היימישע געדונגענע גאָים האָבן זיי דורכגעטריבן. ס׳זיינען נאָך אַפילע געבליבן פון דער באַנדע איינער א געהאַרגעטער און איינער א פאַרוואונדעטער, די איבעריקע האָבן זיך צעלאָפן, ווי די רודע מייז! ווער ס׳איז געוועזן און פונוואַנען מ׳איז געוועזן, ווייסט מען ניט. איצט אז מען זעט, ווי אף אונדז האָט זיך אויסגעגאָסן אַזאַ אומגליק, הייסט מען שפּאַנען פורן און מע לויפט קיין אוורוטש.

דוכט זיך, אז אַלפּי סייכל זיינען די וועלעדניקער אידן גערעכט. מער ניט, וואס אַיילן זיי זיך אַזוי? נעכאַי וואָלטן זיי אויסרעדן מיט אונדז א וואָרט! נו, מיילע, אז ס׳איז ניטאָ, עפשער, וואָס צו רעדן, איז פאַרפאַלן.

פאָרן מיר, הייסט עס, ווייטער.

מ׳האָט צענומען די פעקלעך פון אונדזער וואָגן. מיר זיינען געבליבן נאָר מיט איין מיידעלע, וואָס האט פאַרלאָרן איר מאַמע.

— ווײַן ניט, מײדעלע, אָטאָ פֿאָרן מיר דאָך קײן אוורוטש, און דאָרטן איז דײַן מאַמע.

און אַזוי ווי דער טאַטע ווײסט דעם וועג, און אזוי ווי דער וואָגן איז פֿרײַ, זיצן מיר אַלע אױף דער פֿור. אונדזער פֿערדל קריכט פֿון דער הויט, און מיר פֿאָרן קײן אוורוטש. מער ניט, פֿאַרוואָס איז סלאָוועשנע ניט געפֿאָרן קײן אוורוטש נאָך דעם ערשטן טאָג?

„מ'האָט ניט געוואוסט?...״

פֿראַנץ פֿינקעל פֿון וואָלאָסט האט געזאָגט: „וואוהין וועט איר גײן, אַז אפֿילו אין אוורוטש איז דאָך שוין קײנער ניטאָ?״

אַ-האַ!

און איצט ווײסן מיר שוין, צי אין אוורוטש איז עמעצער דאָ? איצט ווײסן מיר נאָך אויך גאָרניט! ער איז אן אָנגעפֿאָרענער, דער פֿראַנץ פֿינקעל. און ער איז געווען פֿון דער „וואָלאַסט״.

און מיר דוכט זיך, אז מיר וועלן אָנקומען קײן אוורוטש האַלעוואַי אין 1925-טן יאָר. מײַן טאַטע זאָגט אָבער, אז מיר האָבן נאָך 25 ווערסט קײן אוורוטש: צי ער מײנט עס מיט אן עמעס, צי ער וויל אונדז נאַר מאַכן גרינגער אַפֿן האַרצן?

פֿון וועלעדניק יאָגן אונדז אָן פֿורן מיט גאַנצע מישפּאָכעס: עפּשער שעלטן זײ אונדז, די וועלעדניקער מישפּאָכעס, וואָס מיר האָבן זײ אופֿגעטריבן אינמיטן-דרינען?...

וואו ס'איז א גרויסער זאַמד, גײען מיר אַראָפּ פֿון פֿור. און אין די דערפֿער שטײט א שטינקעדיקע בלאָטע, קאם וואס דאס פֿערד שלעפּט אונדז אַרויס.

— טאַטע, דאָ איז שטענדיק אזא בלאָטע אין די דערפֿער? — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

און יונגעלײט דעקן אָט דאָ ניט ווײט א שטאַל. שטײען זײ מיט האַק און מיט ברעט. געזונטע נישקאָשעדיקע יונגעלײט, נאָר זײ לאַכן פֿון אונדז.

— שײדים הינטישע וואָס איר זײנט! איר האַלט דאָך העק און ברעטער טאָ וואַרפֿט אין די קעפּ אַרײן. וואַרפֿט די העק און לאַכט ניט!

נאָר זײ רעדן דאָך ניט צו אונדז. זײ רעדן צו די וועלעדניקער פֿורמאַנעס.

— וואוהין פֿירט איר זיך אום מיט זײ? — קערט זײ איבער אָט-אָ אין א כוואָסע און ווערט פּאָטער! —

די פֿורמאַנעס אָבער ווײסן דאָס פֿון פֿריער, האבן זײ ניט וואָס צו ענטפֿערן און פֿאָרן ווײטער. — וויאָ! —

און די פֿערד קריכן פֿון דער הויט, די בלאָטע שטינקט. אַזעלכע דערפֿער האבן מיר נאָך ביז אוורוטש דרײַ.

ס׳פרעגט זיך נאָר, צי מ׳וועט אונדז ארײנלאָזן קיין אוורוטש, צי מע דאַרף אונדז האָבן אין אוורוטש און ווען וועלן מיר אהין פאַרפאָרן. מיר דוכט זיך, אז אייביק ניט. ווארום דערמאַנט זיך נאר אָקאָרשט פון ווען אָן מיר פאָרן שוין.

---

דער טאָג נעענטערט זיך צו נאַכט. בלומעלע, וואס האט פאַרלאָרן איר מאַמע, איז א גאַנץ וועג ניט רואיק.

— אָט פאָרן מיר ארויס פון דעם דאָרף, — זאָגט דער טאַטע, — איז שוין אוורוטש.

— האַלעוואַי, קרעפּלעך עסן, — זאָגט בוזי.

און מיר זיינען טאַקע אַרופגעפאָרן אַפן ברוק. דער וואָגן האָט אָנגעהויבן טראַסקען. פאַר בוזין איז עס ניט קיין שפּיל, לאָמיך מ׳ט בוזין עפּשער גאָר אַראָפּגיין.

און אוורוטשעווער בעהיימעס גייען שוין פון דער טשערעדע צו ליכט-בענטשן אהיים. דו ביסט א מייוון? אין אוורוטש זיינען דאך נאָך מענטשן אזוי ווי געווען!

אָן אויסגעוואַשענער, אָן אָנגעטונענער, א פּראָסטער איד איז אונדז אַרויס אַנקעגן. ער האט שוין עפּשער געוואוסט פון אַלצדינג?

— סלאָוועשנער? — פרעגט ער דעם טאַטן.

סלאָוועשנער! — ענטפערן עטלעכע שטימען פון וואָגן.

— פאַרפאָרט צו מיר! — און ער האט פּראָסט, ווי איינער וואס האָט געפונען, וואס ער דאַרף, אַ ווייז געטון מיט דער האַנט, וואוהי׳ן מיר זאָלן פאָרן.

אונדז האט אַלעמען פּלוצים א נאָג געטון באַם האַרצן. — —

---

אין צוואַנציק טריט אַרום איז געווען דעם אידנס שטוב, דאָרטן זיינען שוין געשטאַנען לייכטער אפן טיש און איינע א שנור צי א טאָכטער האָט נאָך געהאַלטן אין דערוואַשן דעם קיך-פּאָל.

דער אוילעם קריכט פון וואָגן מיט פאַרקליאַקנעטע אייוורים, און מיט זיכערקייט, ווי פונקט דאָ איז טאַקע די אַכסאַניע, וואוהין מיר האָבן שוין פון לאַנג געקלערט פאַרפאָרן.

— קומט אין שטוב ארײן — רופן אונדז שטיל און שעמעוודיק פרעמדע, יונגע, פרויאישע שטימען.

זייער גוט, וואס איך האָב דאָ נאָך וואס צו טון, איך קען נאָך ניט גיין אין שטוב ארײן:

איך דאַרף אַנידערשטעלן דעם פערד אף אַן אָרט.

דעם באַלעבאָס אינגלעך ווייזן מיר וואו.

„האָט סייכל, אינגלעך, און גייט אויך אוועק פונדאַנען. מיר איז בעסער זיין אליין״. — — — — — — — — — — — —

דאָס פערד איז נאַס, מיד און הונגעריק, צונויפגעצויגן אַ זייט צו א זייט. ער האט צו מיר א הירזשע געטון בעאייסן אויסשפּאַנען, און וואס וועט מען מיר טון, אז איך וועל אַרומנעמען אין שטאַל באַם פערד דעם נאסן האַלדז און איך וועל זיך לעם אים צעוויינען, ווי ס׳איז מיר צוגעקומען ?... פאַר דער גרויסער וויסטער כאַרפּע און פאַר אלץ, וואס באַ מיר אַפן האַרצן ס׳קאָכט זיך, און איך קען דאָס נאָך אפן צונג ניט אַרויסברייינגען ?... אזוי געשמאַק וויינען, וויינען, וויינען און עפּשער זיך נאָכגעבן און צעגיין אַזוי אין די טרערן, — פאַר זיי !... פאַר דאָרטן !... פאַר אַלעמען און פאַר דער גרויסער וויסטער כאַרפּע. — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

---

# ס אָ ף

דעמזועלבן פרייטיק-צונאַכטס האָבן נאָך „אידן" געלעבט אין סלאָ-ווען. אינדערפרי נאָך, האט מען זיי פאַרצוימט די וועגן, אינדערפרי-נאָך, האט מען זיי געטריבן מיט פלעקער פון אלע שליאַכן צוריק. היי-מישע גאָים, נאָר זיי זיינען מעוואולבל געוואָרן, און מיט צעיושעטע גאַזלאָנישע אויגן האָבן זיי געטריבן די אידן פון די שליאַכן אף צוריק.

אינמיטן שטאָט האט מען זיי צונויפגעטריבן צום קלויסטער און זיי געבעטן, זיי זאָלן קושן דעם ציילעם. איינער האט אַפילע אין א געלעכ-טער א וואָרף געטון אַ באָמבע, נאָר זי איז צופעליק אריינגעפאַלן אין בלאָטע.

דערנאָך האָט קאָסענקאָ געזאָגט:

— קעדיי ס׳זאָל ניט אָנקומען קיין כאָלערע אפן שטאָט, דאַרף מען באַהאַלטן די טויטע. זאָלן די אידן גיין באַהאַלטן זייערע טויטע, און דערנאָך וועט מען זיי אפן הייליקן-אָרט עפשער צום איבעריקן דעור-קאָנטשען.

יאַנקל דער וואָלאַך האט איינגעשפּאַנט זיין פערדל, און מ׳האָט איידל און ניט איידל געשלעפט קופּעס האַרוגים אַפן הייליקן-אָרט: ווייבער און מאַנסבלען, באָכורים און מיידלעך, און טאָמער א קינד, האָט מען עס פאַר א פיסל, ווי א קלומעקל אַרופגעוואָרפן אַפן וואָגן און געפירט אַפן הייליקן-אָרט.

האַלב-טויטע האט מען געלאָזן ליגן אין די ווייטיקן, מע האָט זיי צו קוואורע ניט געפירט, — מע דאַרף וואַרטן ביז זיי וועלן אויסגיין.

און די אידן, וואס אונטער די טויטע, אז זיי האָבן דערהערט אידיי-שע, רואיקע, האָרעפּאַשנע שטימען און זיי האָבן זיך סאָפּקאָלסאָף ערלויבט עפענען מיט אן אויג און א קוק טון, וואס ארום קומט פאָר, האָבן זיי דאָך אָבער אלץ מוירע געהאַט, טאָמער וועט פאָרט קאָסענקאָ דערקענען, ווי אַזוי זיי האָבן זיך פאַלש געהאַלטן!...

האָבן זיי די אידן, די באַגרעבער, באַרואיקט:

— פֿאַרקאַטשעט אויך די אַרבל, — זאָגן זיי, — און מאַכט זיך, אַז איר העלפֿט באַגראָבן די טויטע, זיינט איר טאַקע ניט אומזיסט איינגעטונקען אין בלוט.

און די טויטע האָבן זיך געהאַלטן אין פֿאַרשיידענע פּאָזעס און אין פֿאַרשיידענע האַלבאָשע. און טויטע זיינען געווען אומעטום.

האט מען געגראָבן ברייטע קוואָרים צו פֿירען אין א גרוב — מאַנסבלען; צו פֿירען אין א גרוב — פֿרויען; יונגע מיט יונגע, אַלטע מיט אַלטע, און ס'האט זיך געפּאָרט.

ביז נאַכט האט מען געאַרבעט מיטן שווערן שווייס יונג און אַלט. 15-יאָריקע אינגעלעך האָבן זיך געדאַרפֿט אויסצייכענען פֿאַר גוטע באַגרעבער און פֿאר מענטשן געניטע, וואס מעגן אומעטום זיין און אלצדינג זען. און מע מעג זיי רואיק פֿאַרטרויען די גרענעצן פֿון לעבן און טויט.

ביז נאַכט האָט מען געאַרבעט (פֿון באַטאָג אָן האט שוין קיינער אפֿילע ניט אַכטונג געגעבן), און אינאָוונט האבן אַלע געזונגען „לעכו-נעראַנענאָ" אַפֿן הייליקן-אָרט. דערנאָך האט זיך יעדערער באַזונדער צוגעזוכט אוואָס מער זיכערן באַוואָקסענעם קייווער צווישן די שטיבעלעך און זיך אַריינגעלייגט אהין און זיך פֿאַרטאַיעט און געלעגן ביז האַלבער נאַכט, ביז טאָג, ביז באַטאָג, ביז ס'איז שאַבעס פֿאַרנאַכט אָנגעקומען פֿון אוורוטש די „יעשועה": א אָטריאַד באָלשעוויקעס! (איצכאָק-בער העלפֿאַנד איז מיט פֿאַרמוליעטע פּיס און מיט אויסגעקרימטע שטיוול פֿאַרלאָפֿן פֿרייטיק קיין אוורוטש, מיט אַלעמען איז ער געלאָפֿן פֿון די דערפֿער, וואס לעם סלאָוועשנע, און מיט דיזעלבע פֿאַרמוליעטע פּיס און אויסגעקרימטע שטיוול איז ער שאַבעס אינדערפֿרי אוועק מיטן אָטריאַד קיין סלאָוועשנע. ער האט זיך עפּעס פֿאַר גאָרניט קיין מוירע ניט געהאַט. אָט דער איצכאָק-בער העלפֿאַנד! עפּשער, ווייל ער איז ניט קיין סלאָוועשנער. ער איז א פֿרעמדער, א לערער און איז אַליין פֿון אוורוטש).

דער אָטריאַד האט פֿאַרכאַפּט א גאָיטשיקל אינמיטן מאַרק, מיט אָנגעקליבענע זאַכן. האבן זיי אים אוועקגעלייגט אפֿן אָרט. נעבעך, א נאַרישער גאָיטשיקל. ער איז א שלימאַזל און האט פֿון גאָרניט געקלערט. ער איז נעבעך אַרויס שפּעטער פֿון אַלעמען, שפּעט וואס שפּעטער קאָן שוין ניט זיין, און האָט אָנגעקליבן אין א טישטעך אריין אביסל זאַכן, האט מען אים אַוועקגעלייגט.

דערנאָך האט די גאַנצע שטאָט גאָים געכאַפּט די בעבעכעס אף די פֿורן, פֿאַרנומען די פֿי און מע איז אַנטלאָפֿן אין די וועלדער אריין.

דערנאָך האט מען פֿיר שיינע, געזונטע, נאר אביסל צעקאַסטע, פּויערשע באָכורים אַוועקגעשטעלט לעם טורמעלע מיט פֿאַרבונדענע אויגן

און מ׳האט זיי דערשאָסן. צווישן זיי איז געווען ציידל דעם האַרבאַז׳ס שאָכן — אַדאַמקאָ. א געזונטער, א גלאַטער און א ריק-רויטער (אז מ׳זאָל זיך צו אים דערקלייבן!), און זיין שוועסטער מיט דער מאַמע מיטן טאַטן האבן געוויינט.

דערנאָך האט מען אלע צעבראָכענע, צעשטאָכענע און פאַרוואונדעטע (אַבי זיי האָבן נאך געזשיפעט) צונויפגעפירט אין שפּיטאָל אַריין. און דעם דאָקטער, וואס איז אָנגעקומען א שאָ פאַר די באָלשעוויקעס, האט מען געוועזן אויסגעטון אין וואָלאָסט. מ׳האָט אים ניט געגלויבט, אז ער איז ניט קיין איד.

ער איז טאַקע ניט געווען קיין איד.

דערנאָך האט מען געהייסן:

— טראָגט צונויף די אָנגעראַבעוועטע זאַכן, אויב ניט, וועט מען אייך אונטערצינדן און איר וועט ברענען.

דערנאָך... האט מען געבראַכט צופירן פון א דאָרף די מאַמע כאַיטשיקן אַ געשטאָכענע, יאָסעלען מיט מיילעכן דערשטאָכענע, די מומע פריידלען מיט איר 13-יאָריקן יאַנקעלען געקוילעטע, דעם אלטן אַווראָם א געשטאָ-כענעם, די מומע ראָסלען א פאַרוואונדעטע, און אירע צוויי דאָרפישע דערשראָקענע מיידלעך, מאַלקעלען און עסטערן, ביידע ווי יונגע צע-שראָקענע פויגלען — דערשטאָכענע.

וואָס פרעגט איר:

„וואס וועט יויליק אף דערויף זאָגן אין אַמעריקע. ס׳איז דאָך פון אים ערשט אָנגעקומען אַ פּאַק מיט בריוו?"

און נאָך פרעגט איר:

„אויב אזוי, טאָ צוליב וואס האט יאָסעלע באַהאַלטן זיינע צאַצקעס איניינעם מיט הערשעלען אין סעקרעט?"

און...

„ווי אזוי וועט הערשעלע זיך דערפרעגן אף זיין כאַווערל?"

איך ווייס ניט. גאָרניט ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אז מיר טוט וויי די נעשאָמע, דאס האַרץ און אַלע אייוורים. און איך וואָלט זיך גערן געלייגט פאר דער מאַמע כאַיטשיקן אין דער ברייטער פירעקעכי-קער גרוב אַריין און... איך וואָלט זיך זייער מוירע געהאַט אָפּווישן באַ מיילעכן און באַ יאָסעלען די פינע פון די ליפּן. ראָכעלע דערציילט, אַז זי געדיינקט זייער ווינציק, נאר דאס געדיינקט זי, אַז באַ יאָסעלען האט געשלאָגן א ווייסע קאַשע אף די ליפּן, באַ מיילעכן אויך, און זיי האָבן זיך געוואָרפן און האָבן זייער געקרעכצט.

שאַבעס, שאַבעס באַטאָג, ווען אין סלאָוועשנע איז שוין געווען אין א שאָ אַרום די יעשוע, האָבן די מאַמע מיט דער מישפּאָכע געהאַט אַזאַ מיעסע, אזאַ פריקרע באַגעגעניש. זיי האבן זיך אָפּגעשטעלט פון דער גרויסער קאָמפּאַניע און געמיינט — זיי וועלן אָפּנאַרן גאָט, זיי וועלן זיך אויסבאַהאַלטן אַרום דעם מילכען.

ראָכעלע געדיינקט זייער ווינציק.

פון יאָסעלען געדיינקט זי נאָר מיט מיילעכן, און ווי אַזוי די מאַמע האט נאך אַביסל געלעבט און האט צוגעפויזעט צו א גאָרטן, האָבן „גאָיעס" אויסגעזאָגט, האט מען זי אַרויסגעפירט און א צווייטן מאָל געשטאָכן.

זייער גוט, וואס זי געדיינקט ווינציק, ראָכעלע.

— ראָכעלע, געדיינק וואָס ווינציקער. ווארום ס'זייער שווער!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון זיך געדיינקט זי, ראָכעלע, אויך ווינציק. זי געדיינקט, אז ס'איך געווען הייס. זי איז ערגעץ געגאַנגען, איז דורכגעגאַנגען א „גאָי", פרעגט ער זי, — מיידעלע, וואוהין גייסטו אַזוי איינע אַליין? — האט זי אים גאָרניט געענטפערט. זי איז געווען אין קאָס אַפּן גאָי און האט ניט געוואָלט ענטפערן...

דער גאָי האט זי גענומען פאר אַ האַנט און זי אַוועקגעפירט אין דאָרף צו זיך אַהיים. דו ווילסט עסן? — האט זי דער גאָי געפרעגט, — דו ווילסט טרינקען? — האט זי אים גאָרניט געענטפערט.

אף מארגן אינדערפרי האט זי דער גאָי אָפּגעפירט ביז אונטער סלאָוועשנע און זאָגט: דאָ וועסטו שוין עפשער אליין טרעפן, — און ער איז אַוועק.

זי איז פאַרלאָפן צו זיך אַהיים, איז דאָרט קיינער ניט געווען, און זי האט זייער געוואָלט א טרונק, האט זי געפונען א שערבעלע און איז אראָפּ אין קעלער. אין קעלער קומט-צו וואַסער, האט זי זיך אָנגעטרונקען. — מער געדיינקט זי גאָרניט.

ווייטער איז געווען אזוי, ווי ס'פירט זיך אומעטום:

עמעצער איז דורכגעגאַנגען פאַרביי באָרעך-אַייזיקס שטוב. עמעצער האט געהערט, אַז מ'קרעכצט דאָרט, איז מען אריין און דערזעען, אַז אין א ווינקעלע ליגט אף א שמאַטע ראָכעלע כאַיטשיקס. נאָכן כעשבן איז זי אזוי געלעגן דעם דריטן טאָג, און מ'האט זי אָפּגעטראָגן אין שפּי-טאָל אַריין.

אין שפּיטאָל האב איך געטראָפן ראָכעלען אף דער ערד. אינקאָרידאָר אין א ווינקל איז זי געלעגן, אַן אַיינגעטונקענע אין לייז, און לעם איר

איז געשטאַנען א האַלב רוי איי מיט שימל און מיט האָר, און א האַרט אויסגעשמירט שטיק ברויט.

די גאָיעס, — דערציילט מען, — טראָגן מילך, אייער און ברויט. גוטע גאָיעס געוואָרן.

— וואו איז בוזי? — האט מיך ראָכעלע געפרעגט מיט א קאָל נידע-ריקער פון דער ערד.

— אָט איז זי דאָך, ראָכעלע, — און ראָכעלע האט א קערעווע געטון די אויגן, וואוהין איך האב איר געוויזן, נאר איר פּאָנעם האט זיך ניט געענדערט און זי האט מער גאָרניט געפרעגט.

באַ ראָכעלען זיינען געוועזן צוויי טומפּע שטעך אין פלייצקע. עפּשער זיינען זיי ניט קיין שווערע. — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

און א מענטש האט מיר געזאָגט:

— אייזיק, דיינע בעטן שטייען לעם וואָלאָסט. גיי נעם זיי אָפּ. טימאָפּייקאָ האט זיי צוריק געבראַכט צו שלעפּן. ער האָט דיך געוואָלט יאַרשענען, טימאָפּייקאָ.

און א צווייטער מענטש האט מיר געזאָגט:

— אייזיק, דיין שוואַרצע בעהיימע איז אין ליסטווען, באַ א ליטט-ווענער כאַזער. יעווראָסי הייסט ער. ערשט פון סאָלדאַטן געקומען, האט ער זיך געוואָלט „ראַזשיוועַן" מיט דיין בעהיימע. —

און באַ דער מאַמע כאַיטשיקן אין שטוב האב איך געטראָפן ראָכע-לעס אָנטון אין א קאָרזש פון בלוט. איך האב באַהאַלטן אף אן אָרט, איך זאָל עס קענען נאָך אַמאָל געפינען. און אפן הייליקן-אָרט האב איך אָפּגעזוכט די צוויי פרישערע (אף א טאָג) בערגלעך, לעם איינעם שטייט אף א שטאַכעט אָנגעשריבן:

„דאָ ליגן דריי קדושים: אַווראָהאָם, אַלימעלעך און יויסעף".

און אפן צווייטן קעגנאיבערדיקן שטאַכעט:

„דאָ ליגן פיר קדושים: פריידל, כאַיע, עסטער און מאַלקע".

זעט איר שוין, ווי ס'פאָרן זיך ניט, ניט די פרויען, ניט די מאַנסבלען. דערנאָך האָבן די אָטריאַדטשיקעס אַרופגעזעצט אַף אַ גרויסן וואָגן פון היי צוועלף גאָים, זיי געבונדן די הענט צו די דראַבינעס. און אלע צוועלף זיינען געזונטע, גרויסע און בייזע. 9 היגע און דער פּאָסעלעניק, דער שוואַרצער פעלשערל, מיט פראַנץ פינקעלן (וועלכער האָט געזאָגט: וואוהין-זשע וועט איר פאָרן, אז אפילע אין אורוטש איז שוין ניטאָ קיינעם?). איז ווייטער דריי.

3+9 האָבן מיר שטענדיק צוועלף.

ערשט נעכטן האבן זיי זיך דאפקע אַליין געבאָדן אין בלוט. איז דאָך עס געווען אידיש בלוט? אבער זיי? וואָס האָט מען צו זיי? און זיי האָבן איצט ווייטער אַמאָל מאָדנע פּענעמער. סטאָהדאָט ווייסט, וואס מ'האָט נעכטן געטון די פיר שקאָצים. ער ווייסט, אז זיי האָבן געלעקט די ערד. סטאָהדאָט פאַרשטייט, אז ער וועט אויך, ער און דער שוואַרצער פעל-שערל און טימוך לוכטאַנס (דער הויכער, דער שיינער, דער מיליציאָ-נער), און זיין ברודער דער ווייס-באַוואָקסענער מאַקסים! ניטאָ נאָר די גלאַוונע. ניטאָ קאָסענקען, ניטאָ מאַרקען און ניטאָ דעם נאַטשאַלניק, נאָך עטלעכע פעלן. אָבער וואו נעמט מען די סאַמע גלאַוונע?

אף מאָרגן האט מען די צוועלפען אין אוורוטש געטון דעם רעכט, כוץ טימוכן. ער האט זיך אויסגעבאַהאַלטן און אזוי אַרום באקומען אַ פּראָלאָנגאַציע אף צוויי כאַדאָשים.

די מאַמעס, די ווייבער, די טאַטעס, וועלכע זיינען נאָכגעפאָרן קיין אוורוטש, דערציילן, וואס און ווי אזוי אַלץ קומט דאָרט פאָר, אין אוורוטש.

„דער סייכל איז א פּאָשעטער: קיטאיצעס האט מען אָנגעדונגען. אַסאַך קיטאַיצעס. טרינקט מען זיי אָן מיט בראָנפן און מ'פירט זיי צו צו די אַרעסטירטע אפן בייסוילעם און מ'זאָגט זיי: צעשיסט, זייט מויכל, אָט די עטלעכע רוסישע מענטשן! און באַ די קיטאַיצעס האט דאָס קיין ווערט ניט. א שפּיי און גענוג! אזוי ווי אַ ביסן ברויט אופעסן!" נו, ליגן זיי שוין איצטער, אונדזערע אַדויגים, אף אוורוטשעווער פעלד באַהאַלטן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דערנאָך האָט זיך מאָרדכע-לייזערס עלטערער אינגל (אָשער גערשטיין, אַזוי הייסט ער), אַיינגעבעטן פאַר אַ פּרייוויליקן אין דער רויטער אַרמיי. ער האָט ניט געקענט איינרוען און פאַרשטיין ניט געקענט: וואָס הייסט—מ'האָט געקוילעט זיין טאַטן. ער האָט זיך אַריינגעלאָזן אין דער אַרמיי און ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט ראַבאָטעווען — אָשער גערשטיין.

דערנאָך האָט מען פּאַמעלעך אָפּגענומען אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ, און פּויערשע שנורן מיט יונגע ווייבלעך האָבן געוויינט (אַן ערעך 60 אַנקעגן 60). דערנאָך איז דעם אַלטן זאַלמענס שאָכן קלימקאָ אַליין, געקומען פון טורמע און דיזעלבע נאַכט איינגענומען. צום טאָג איז ער שוין גע-לעגן אַן אָפּגעוואַשענער אונטער די אָבראַזן. דיזעלבע וואָך האָבן איינ-גענומען קלימס גאַיע מיט דער שיקסע.

דערנאָך האָבן אסאך אופגעהערט וואוינען אין צוויי שטעט.

צעבראָכענע, צעשטאָכענע האָבן מיר זיך אומגעקערט צוריק און געהיילט אונזער צעביילטע סלאָוועשנע.

און ראָכעלען האָבן מיר געהיילט באַ אַ דאָקטער. מער ניט, וואָס װעלן מיר ענטפערן אָשערן מיט שויעלען, װען זיי װעלן קומען און זיי װעלן זיך באַ אונז פרעגן אַף זייער מאַמע? —

דערנאָך האָבן אונז די גאָים פון אונזער שטעטל געכאַנפּעט:

„זיי האָבן ניט געקלערט, ס'זאָל זיך אַזוי ענדיקן, מ'האָט זיי געזאָגט, אַז קיין אידן זיינען שוין אין ערגעץ ניטאָ, האָט מען זיי געזאָגט, און מ'שטעלט זיך פאַר זיי קיינער ניט איין... נו, מיילע, פאַרפאַלן, מ'האָט אָפּגעצאָלט אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ, נאָר מער ניט, אַן אַווײַרע אַזעלכע געזונטע גאָים. די מערסטע טייל יונגע, איבערגעוואַשענע, איינס אין איינס. און די אידן, וואָס מ'האָט געהארגעט, זיינען דאָך ניט געווען אַלע קיין בעריעס. ס'זיינען דאָך געווען אַסאַך „*Пустые*“, געווען אַלטע, געווען ווייבער, געווען קינדער. נאָר וואו- ניט-וואו האָבן זיך דורכגע-וואָרפן געזונטע באָכורים".

נו, זיינען זיי דאָך גערעכט. זיי זיינען דען שולדיק, וואָס מ'האָט זיי איינגערעדט? זיי האָבן געוואָלט ווי צום בעסטן, זיי האָבן געגלויבט, אַז מ'וועט זיך קענען באַגיין אָן אידן. און פון קיין צוקומעניש, ווי מע זאָגט, דאַרט ניט דער עלנבויגן: מאַכטייסע, מ'וועט זיך צעטיילן מיט דעם אידישן ביסל זליבאָדע, די הייזער, די בעהיימעס (מע האָט זיך שוין אַפילע אין אַנדערע פאַלן געקריגט צווישן זיך). איצט באַ ד'יר, אינמיטן-דריינען, די באָלשעוויקעס!... און ווייטער האָט סלאָוועשנע באַקומען אַ מיעסן נאָמען אַף דער וועלט: „באַנדיטסקי קראַי". גענוג נאָר, מ'זאָל זיך דערוויסן וואו ס'ניט איז, אַז דו ביסט א סלאָוועשנער, שרייט מען דיר „באַנדיט".

און איך דאַרף זיך מיט דעם אלץ טרייסטן. און מיר דארף זיין גענוג אזעלכס אף נעמען נעקאָמע און זאָגן:

— אַ מיצווע אף אייך — האָט זיך אייך ניט געזאָלט געווען גלוסטן קיין אידישע זליבאדע...

— — — — — — — — — — — — — —

דערנאָך... האָט מיר בוזי געהאַט אַ שייניגק מיידעלע. מיר האָבן גע-ווייגט, מיר האָבן געלאַכט, און מיר האָבן זי אַ נאָמען געגעבן—כאַיעלע.

דערנאָך... האָבן די באָלשעוויקעס צונויפגערופן אַן אסיפע און זיי האָבן געזאָגט:

— כאַוויירים, פויערים און בירגער פון סלאָוועשנע. וואַשט אָפּ אייער פלעק פון זיך און שיקט אייערע זין אין דער רויטער ארמיי! ווער

וועט זיך שלאָגן פאר דער מאכט פון די ארבעטער און פויערים, אויב ניט די אַרבעטער און פויערים אליין?

און צו די אידן האָבן זיי געזאָגט:

— כאַווײרים, באַלמעלאָכעס און בירגער פון סלאָוועשנע! זעט, צי האָט איר אָפּטמאָל ניט אָפּגעלייגט אף צו-לאַנג אייער כויוו צו דער רויטער אַרמיי? „נאָד” אידישע שטעטלעך לײדן פון באַנדעס און פון קאָנטר-רעוואָלוציע! טוט זיך אָן און גייט אין דער רויטער אַרמיי!

און די אינגלעך האָבן געענטפערט;

— רעכט! מיר גייען אין דער רויטער ארמיי!

און ווי שווער ס'זאָל מיר ניט זיין איבערלאָזן מיינע צוויי מיידע־לעך, איינע פון 21 יאָר און איינע פון צוויי וואָכן, דאָך האָב איך זיך לאַנג געסוידעט מיט בוזין. און בוזילע האָט שטיל געוויינט, און איך האָב צוגעזאָגט בוזין, אז ס'וועט לאַנג ניט געדויערן.

און אזוי ווי ס'האָבן זיך אָנגעהויבן צו קלייבן דער ווינטער, דער טיפוס און די פוילישע באַנדעס קיין סלאָוועשנע, האָבן מיר, אינגלעך און יונגעלייט, זיך אונטערגעגאַרטלט און אַריין אין דער רויטער אַרמיי. אין דער הונגעריקער און מוטיקער, אין דער לייזיקער און זוניקער, אין דער רויטער!... אַרמיי!...

---

שוין זעקס יאָר דרינען. זעקס קיילעכדיקע יאָר, געקניפּטע און גע־בונדענע מיט אסאך בלוטיקע ליידן און מוטיקע פאַראייביקטע פריידן.

---

איצט וואוין איך אין א גרויסער שטאָט, ווייט פון סלאָוועשנע. און איך ווייס ניט, צי איך בין אַ קלוגער, צי אַ נאַר מיט דעם, וואָס איך פאַרשרייב איצט אָט די אָ שורעס פאר אן אָנדיינק, איצט דעם 20-טן אָקטיאבר 1925-טן יאָר.

אייזיק, לייב דעם הארבארס
פון סלאָוועשנע

### אַ קליינע באמערקונג:

און מארקען לוכטאנס דעם קאַב־צאַניוק, דעם ציגיינער, און וואָס האָט ליב אידן, האָט מען אים אויך געהארגעט.

איינמאָל אינמיטן באַטאָג האָט מען געהערט דריי מאָל אויסשיסן אונטערן שטאָט, און צוריק אַף אַ פור האָט מען געבראכט ליגנדיקע און נאָך ערגער ווי געבונדענע — מאַרקען, זיין שיינעם ברודער טימוכן און מארקעס שוואָגער, וועלכן מ׳האָט גערופן אין שטאָט יאַקאָוו־קאַקאָוו.

דריי שניר לוכטאנס זיינען געבליבן אלמאָנעס. און אז מ׳האָט איינגעפירט אין סלאָוועשנע אַ קינדער־הויז פאַר יעסוימים, און קינדער זיינע אַהין געלאָפן מיט אייגענע נירדענע שיסעלעך און פאַרשמירטע נעזעלעך נאָך עסן — —

— — — — — — — —

דאָרט זיינען געווען אידישע קינדער יעסוימים און מארקעס קינדער יעסוימים. מאַרקאָ האָט געהארגעט אידן, און די אידן האָבן געהארגעט מאַרקען. און קינדער יעסוימים קומען צו לויפן מיט שיסעלעך אין קיך. און קינדער קלערן איצט פון גאָרניט. זיי הייבן נאָר די אייגעלעך און פיסקעלעך צום עסן. קומט דאָס אויס די עלטערע אביסל מאָדנע אָנצוקוקן אזעלכס. שוין אַפילע גאָר מאָדנע.

# אינהאלט